פראָלעטאַריער אַלער לענדער, פֿעראייניגט איך!

דער אַלגעמ. אידישער אַרבייטערבונד אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.

## פּ. לאפארג.

# רעליגיאן פון קאפּיטאל.



אַרויסגעגעבען פון

אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד

אין ליטא, פוילען און רוסלאַנד.





זשענעוו.

דרוקעריי פון אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד („בונד“).

מאַי 1904 יאָהר.

# די רעליגיאָן פֿון קאַפּיטאַל.



## I. די לאָנדאָנער אסיפה.

די פֿאָרטשריטען פֿון סאָציאַליזם האָבען אַרויסגעוואָרפֿען אַ טויט-שרעקעניש איף די הערשענדע קלאַסען פֿון אייראָפּאַ און אַמעריקאַ. מיט אַ פּאָר חדשים צוריק זיינען זיך צונויפֿגעפֿאָהרען מענשען פֿון אַלע ציוויליזירטע לענדער און האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען איף אַ אסיפה אין לאָנדאָן, כדי צוזאַמען אויסצוגעפֿינען שטאַרקע מיטלען מיט וואָס צו פֿאַרהאַלטען די געפֿעהרליכע פֿאַרפּרייצונג פֿון די סאָציאַליסטישע אידעען. צווישען די פֿאָרשטעהער פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער בורזשואַזיע פֿון ענגלאַנד באַמערקט מען דעם קאָנסערוואַטאָר לאָרד סאָלסבערי, דעם ליבעראַל גלאַדסטאָן, די געלערנטע הערבערט ספּענסער, האַקסלי, דעם קאַרדינאַל מאָננינג, דעם רב אַדלער. דער פֿירשט ביסמאַרק, וועלכען עס האָט אָבגעהאַלטען אין דער היים זיין געוואוינליכער חלאַת פֿון שיכרות, האָט געשיקט זיין בעל-סוד און עצה-געבער, דעם איד בליכרעדער. די גרויסע פֿאַבריקאַנטען און פֿינאַנסיסטען פֿון ביידע וועלטען, פֿון אייראָפּאַ און אַמעריקאַ: וואַנדערבילט, ראָטשילד, גולד, פּאָפּאָוו, מאָראָזאָוו, קרופּפּ, באַראָן שטום, שניידער, זיינען אָדער אַליין בייגעוועזען, בכבודם ובעצמם, אָדער זיינען געוועזען פֿאָרגעשטעלט דורך זייערע נאמנים און משולחים. מען האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהען מענשען פֿון פֿאַרשיעדענסטע מיינונגען און נאַציאָנאַליטעטען זאָלען אַזוי ברידערליך און פֿריינדליך זיך צונויפֿגעהן און אויפֿטראָגען. דער נאַטור-פֿאָרשער און פֿרידיינקער פּאָל בער זיצט נעבען דעם ראַבינער צדק-כהן, טשעמבערליין, דריקט די האַנד דעם פֿיהרער פֿון די אירלענדישע נאַציאָנאַליסטען פּאַרנעל'ן, דער ראַדיקאַל קלעמאַנסאָ פֿיהרט אַ געשפּרעך מיט דעם קאָנסערוואַטאָר פֿעררי און דער דייטשער קריגס-מיניסטער פֿאָן-מאָלטקע שמועסט פֿריינדליך מיט דעם פֿראַנצויזישען אַנטיסעמיט דערולעד און דעם דרייפֿוזאַר ריינאַך

װעגען דער מעגליכקייט פֿון אַ נייער מלחמה צװישען פֿראַנקרייך און דײטשלאַנד.

די גרױסע װיכטיגקייט פֿון דער אורזאַכע, װאָס האָט זיי דאָ צוזאַמענגעקליבען, האָט געװירקט, אַז זיי זאָלען פֿאַרגעסען זייער פּערזענליכע פֿיינדשאַפֿט, זייער פּאָליטישע פֿאַרשיידענקייט און זייערע פּאַטריאָטישע קנאה און שנאה.

דער שליח פֿון פּאַפּסט האָט דער ערשטער גענומען דעם װאָרט:

— רבותי, איבער מענשען הערשט מען, װען מען באַנוצט זיך דאָס מיט דער גראָבער מאַכט פֿון קולאַק, דאָס מיט דער איידעלער מאַכט פֿון אידעען. די רעליגיאָן איז אַ מאָל געװען די כישוף'דיגע מאַכט, װעלכע האָט געהערשט איבער דעם געדאַנק פֿון מענשען; זי האָט געלערענט דעם אַרבייטער, אַז ער זאָל זיך געהאָרכזאַם אונטערגעבען אונטער זיינע הערשער, אַז ער זאָל אַרױסלאָזען דעם ביסען פֿון מויל צוליב דעם צװייטען, אַז ער זאָל געדולדיג איבערטראָגען די צרות און יסורים פֿון דער װעלט, חלום'ענדיג װעגען „לויתן" און „שור הבר", װאָס ער װעט באַקומען אויף יענער װעלט. . אָבער דער סאָציאַליזם, דער שטן-מקטרג פֿון דער היינטיגער צייט, טרייבט אַרױס די אמונה און װאָרצעלט זיך איין אָנשטאָט איהר אין די הערצער פֿון די אביונים; ער דרשנ'ט זיי, אַז מען דאַרף ניט משלח זיין דעם גליק ערגעץ אין אַ יענער-װעלט; ער איז זיי מודיע, אַז פֿון דער ערד װעט ער מאַכען אַ גן-עדן; ער שרייט צו דעם אַרבייטער: „מען באַ'גנב'עט דיך! קום, שטעה אויף, קעמפּף!" ער גרייט צו די אַרבייטער-מאַסען, װעלכע זיינען פֿריהער געװען אַזוי געהאָרכזאַם און אונטערגעװאָרפֿען, צו אַ'ן אַלגעמיינעם אויפֿשטאַנד, צו אַ מרידה, װעלכע װעט חרוב מאַכען די ציװיליזירטע געזעלשאַפֿטען, פֿאַרניכטענדיג די פּריװילעגירטע קלאַסען, מאַכענדיג אַ תל פֿון דעם פֿאַמיליען-לעבען, אָבנעהמענדיג פֿון די רייכע זייער גוטס כדי איהם איבערצוגעבען צו די אָרעמע, אָבשאַפֿענדיג רעליגיאָן און קונסט, פֿאַרשפּרייטענדיג איבער דער װעלט די פֿינסטערע שאָטענס פֿון באַרבאַריי. . װי צושלאָגט מען די שונאים פֿון דער גאַנצער ציװיליזאַציע און פֿון דעם גאַנצען פֿאָרטשריט? מיט װאָס פֿאַר אַ כלי-זין זאָל מען אַרױסט-עטען געגען דעם סאָציאַליזם? — דעם פֿירשט ביסמאַרק, דעם הערשער און פּשרה-מאַכער פֿון אייראָפּאַ, דעם נבוכדנצר, װעלכער האָט איינגענומען דענעמאַרק, עסטרייך און פֿראַנקרייך, איהם האָבען די לאַאָטניקעס-סאָציאַליסטען גובר געװען! די קאָנסערװאַטאָרען פֿון פֿראַנקרייך האָבען אין די יאָהרען 1848 און 1871 אויסגעקױלעט מעהר סאָציאַליסטען, איידער װי פֿיר אפּיקורסים מען האָט אויסגע'הרג'עט אין דעם טאָג פֿון הייליגען באַר-

טאלאמיי: און די בלוט פֿון דיזע מורא׳דיגע שחיטות איז ווי אַ דערפֿרישענדער טוי, וועלכער מאַכט אַרויסשפּראָצען דעם סאָציאַליזם איבער דער גאַנצער ערד. נאָך יעדער בלוט-באָד ווערט דער סאָציאַליזם ווידער געבאָרען מיט נאָך מעהר פֿרישקייט. געגען דיזען מחבל, געגען דיזע אָנשיקעניש, רחמנא לצלן, קען מען מיט דער גראָבער מאַכט פֿון קילאַק גאָרנישט ניט מאַכען, וואָס טוט מען?

די געלערנטע און פֿילאָזאָפֿען פֿון דער אַביזה, פאָל בער, העקעל, הערבערט ספענסער, האָבען איינער נאָך דעם אַנדערען זיך איינגעהייבען אין האָבען פֿאַרגעלייגט אַרויפֿצולייגען אַ צוים אויף׳ן סאָציאַליזם דורך דער וויסענשאַפֿט.

דער פּאָפּ יאָהאַן קראָנשטאַטסקי האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס.

— אָבער דאָס איז דאָך אייער פֿאַרפֿלוכטע וויסענשאַפֿט, פֿון וועלכער די קאָמוניסטען נעהמען אַרויס זייערע שאַרפֿסטע ראיות.

— איהר האָט במחילה קיין ידיעה ניט אין דער נאַטוראַליסטישער פֿילאָזאָפֿיע, וועלכע מיר פּריידיגען—האָט געענטפֿערט הערבערט ספענסער. אונזער וויסענשאַפֿטליכע טעאָריע פֿון עוואָלוציע (ענטוויקלונג) ערקלערט, אַז די סאָציאַלע אונטערגעוואָרפֿענקייט און אָבהענגיגקייט פֿון די אַרביטער איז אַזאַ נאַטור-נויטיגע זאַך, ווי דאָס פֿאַלען פֿון אַ קערפּער, אַז דאָס נעהמט זיך נויטיג פֿון די שטענדיגע, אינעווייניגסטע געזעצען פֿון דער נאַטור. מיר ווייזען אויך אויף אין אונזער וויסענשאַפֿט, אַז די פּריווילעגירטע פֿון די העכערע קלאַסען זיינען געבענטשט מיט די בעסטע מעלות און זיינען אויף׳ן בעסטען אופן מסוגל צו זיין די הערשער; מיר ווייזען אויף, אַז דיזע קלאַסען הערען ניט אויף כסדר זיך אויסצובעסערען, און אַז זיי וועלען ענדיגען דערמיט, וואָס זיי וועלען זיך מיט דער צייט אימענדערען גאָר אין אַ נייער ראַסע, וואָס איהרע פּערזאָנען וועלען בשום אופן ניט זיין עהנליך צו די חיות בצורת מענש, פֿון וועלכע עס באַשטעהען די נידעריגע קלאַסען, וועלכע מען קען אַנדערש ניט פֿיהרען סיידען מיט׳ן בייטש אין האַנד*.

---

* אינז טוט זעהר לייד, וואָס צוליב ווייניג אָרט זיינען מיר געצוואונגען איבערצוגעבען בקיצור די מערקווירדיגע דרשות, וואָס מען האָט געהאַ׳טען אויף דער אסיפה, אויף וועלכער עס האָט זיך צונויפֿגעקליבען די אויבערשטע פֿון דעם כריין, דער סאַמע צימעס פֿון דער וויסענשאַפֿט, רעליגיאָן, פֿילאָזאָפֿיע, פֿינאַנץ, האַנדעל און אינדוסטריע. מיר שיקען אָב דעם לעזער צו דעם אַרטיקעל, וואו מורנו הערבערט ספענסער לויבט אין הימעל אַריין די אָסטראָגען און דעם בייטש אַלס די בעסטע מיטלען צו געוועלטיגען איבער די אונטערשטע קלאַסען.

— גיב גאָט, אַז אייערע עוואָלוציאָניסטישע טעאָריעס זאָלען קיין מאָל ניט דערגרייכען צו די אַרבייטער-מאַסען; זיי וואָלטען זיי דאָך פֿון זינען אַראָבגעפֿיהרט, רחמנא לצלן; זיי וואָלטען זיי אַריינגעוואָרפֿען אין פֿאַרצווייפֿלונג, וועלכע איז אַלע מאָל די אורזאַכע פֿון פֿאָלקס-רעוואָלו-ציעס, פֿון מרידות און בונטען—איז אַריינגעפֿאַלען אין די רייד העדר מ אָ ר אָ ז אָ וו. אין אייער אמונה, מיינע העררען טעאָרעטיקער פֿון טראַנס-פֿאָרמיזם *, זייט איהר באמת צופֿיל בלינד! ווי אַזוי קענט איהר גלויבען, אַז אייער קאַלטע און ניכטערע וויסענשאַפֿט קען מען אַרויסשטעלען געגען די פּראַכטיגע בילדער, וואָס דער סאָציאַליזם וויקעלט פֿאַנאַנדער, געגען די ש תפות פֿון אַלעמען אין די פֿאַרמעגענס, געגען דעם „כיס אחד יהיה לכלנו", געגען דער פֿרייער ענטוויקלונג פֿון די פֿיהיגקייטען, וועלכע די סאָציאַליסטען מאָלען אויס מיט העלע און גלענצענדע קאָלירען פֿאַר די אויגען פֿון די ענטציקטע און בעגייסטערטע אַרבייטער? אויב מיר ווילען פֿאַרבלייבען דער פּריווילעגירטער קלאַס און ווייטער לעבען אויף'ן חשבון פֿון די, וועלכע אַרבייטען, מוזען מיר זעהן צו קיצלען די פֿאַנטאַזיע פֿון די בהמות בצורת מענש מיט לעגענדעס און מעשׂות פֿון אַ יענער וועלט. די קריסטליכע רעליגיאָן האָט אויף'ן בעסטען אופֿן געשפּילט דיזע ראָלע; איהר, רבותים-פֿריידיינקער, איהר האָט איהר אַראָבגעוואָרפֿען פֿון איהר גדולה!

— דאָס זייט איהר גערעכט, וואָס איהר זייט מודה, אַז זי איז אַראָב פֿון איהר גדולה — האָט גראָב געענטפֿערט פ אָ ל ב ע ר, — אייער רעליגיאָן ווערט טאַקי אָן מיט יעדען טאָג איהר באָדען אונטער די פֿיס, און אויב מיר, די פֿריידיינקער, אויף וועלכע איהר פֿאַלט אָן מיט אַזאַ אימכבוד, וואָלטען בסוד ניט אונטערשטיצען די גלחים, זיך מאַכענדיג כלומרשט, אַז מיר באַקעמפֿען זיי, כדי צו פֿאַרשאַפֿען הנאה

---

דער אַרטיקעל האָט ערשיינט אין אַ ענגלישען זשורנאַל אונטער דעם נאָמען „די קימענדע שקלאַפֿעריי". דער קאָמוניזם — דאָס איז די שקלאַפֿעריי, אויף וועלכער דער באַרימטער בורזשואַזנער פֿילאָזאָף זאָגט אינז נביאית.

* טראַנספֿאָרמיזם אָדער איבעראַנדערשונגס-טעאָריע, אויך אָבשטאַמונגס-טעאָריע, הייסט די טעאָריע, וועלכע לערנט, אַז די איצטיגע באַשעפֿענישען האָבען ניט פֿון אייביג אָן עקסיסטירט אין דער געשטאַלט, וואָס זיי האָבען איצט, נאָר אַז זיי שטאַמען אָב פֿון אַנדערע, איינפֿאַכערע באַשעפֿענישען, אַזוי, אַז די העכערע פֿאָרמען און מעלות, וועלכע זיי האָבען איצט, האָבען זיי באַקומען אין דעם משך פֿון אַ לאַנגער, לאַנגער ענטוויקלונג. דער איבערזעצער.

די נאַראָנים, אויב מיר וואָלטען יעדען יאָהר ניט שטימען פֿאַר דעם ביורזשעט אויף די קירכען, וואָלטען מורנו מאָגינג, ווי איך אַלע גלחים, פּאַפּעס, רבנים און די גאַנצע כנופֿיה כלי-קידש פֿון דער הייליגער קרעמעל פּשוט פייגערען פֿון הונגער. זאָל מען נאָר אויפֿהערען צו צאָהלען זיי געהאַלט, ווערט די אמונה גלייך פֿאַרלאָשען... גאָר, ווייל איך בין אַ פֿריידיינקער, ווייל איך מאַך חוזק פֿון גאָט אַזוי ווי פֿון טייוועל, ווייל איך טראַכט מעהר ניט ווי וועגען זיך אַליין און וועגען די פֿיזישע און גייסטיגע תענוגים פֿון מיין אייגענעם נפש, אָט דעריבער בין איך אויך מודה, אַז מען מוז האָבען אַ רעליגיאָן, וואָס זאָל, ווי איהר זאָגט, קיצלען די פֿאַנטאַזיע פֿון די בהמות בצורת מענש, וועלכע מען שערט ווי די שעפּסען. ס'איז נייטיג, אַז די אַרבייטער זאָלען גלויבען, אַז אָרעמקייט — דאָס איז גאָלד, מיט וועלכע מען קויפֿט דעם הימעל, און אַז דער גוטער גאָט שיינקט זיי אויף דער וועלט צרות און יסורים, כדי אויף יענער וועלט איבערצוגעבען זיי במתנה אַ גאַנצע הימלישע מלוכה. איך בין בנאמנות יעהר אַ רעליגיעזער מענש.. פֿאַר די אַנדערע. אָבער, אום גאָטעס ווילען! צו וואָס זאָ־ען מיר פֿאַברי-צירען אַזאַ חלשות'דיגע רעליגיאָן, ווי דער קריסטענטום! מיט'ן בעסטען ווילען קען איך בשום אופן ניט מודה זיין, אַז איך גלויב, אַז אַ טייב איז געשלאָפֿען מיט אַ בתולה און אַז דורך אַזאַ צוזאַמענפאָרונג, וואָס קען זיך ניט פֿאַרטראָגען ניט מיט דער מאָראַל, ניט מיט דער פֿיזיאָלאָגיע, איז געבאָרען געוואָרען אַ שעפּסעלע, וועלכע איז דערנאָך מגולגל געוואָרען אין אַ גע'מל'טען אידען.

— אייער רעליגיאָן שטימט ניט מיט די כללים פֿון דער גראַמאַטיק, האָט צוגעגעבען דער באַריהמטער בעל-מדקדק גראָט, וועלכער שטאָלצירט מיט דער ריינקייט פֿון זיין שפּראַך. אַ גאָט, וועלכער איז פֿאַראייניגט פֿון דריי פּערזאָנען, איז פֿאַר'מ'שפּט צו אייביגע באַרבאַריזמען, צו די אויסדריקען „איך מיר דיינקען", „איך מיר שנייצען דעם נאָז", „איך מיר ווישען זיך אונטער".

— רבותי, מיר זיינען אַהער געקומען ניט כדי צו פֿיהרען ויכוחים מכח דער קאַטוילישער רעליגיאָן — האָט געזאָגט געלאַסען פּאָביעדאָנאָסצעוו — נאָר מיר האָבען זיך דאָ צונויפֿגעקליבען כדי אויסצוגעפֿינען מיטלען געגען דער סאָציאַלער געפֿאַהר, איהר קענט, ווידער אַרויסגעבענדיג די ווערק פֿון וואָלטער, מאַכען חוזק פֿון דער רעליגיאָן, אָבער איהר טאָרט למען השם ניט שטערען, אַז זי זאָל פֿאַרבלייבען דער בעסטער מאָראַלישער צוים פֿאַר די נידעריגע געלוסטען און תאוות פֿון די אונטערשטע קלאַסען.

— דער מענש איז אַ רעליגיעזע באַשעפֿעניש, — האָט געזאָגט

מיט אַ רבנ׳ישען טאָן דער פּאַפּסט פֿון דעם פּאָזיטיוויזם*, פּיערר לאַפּפּיט, די רעליגיאָן פֿון אויגוסט קאָנט האָט ניט אין זיך ניט קיין טויב, ניט קיין שעפּסעלע, און כאָטש אונזער גאָט איז ניט קיין האָריגער און ניט באַדעקט מיט פֿעדערען, איז ער דאָך אַ פּאָזיטיווער רעאַלער גאָט.

— אייער גאָט-מענשהייט—איז אַריין אין די רייד האַקסליי—איז נאָך ווייניגער רעאַל איידער דער בלאָנדער יעזוס. די רעליגיאָנען פֿון אונזער יאָהרהונדערט זיינען אַ סאָציאַלע געפֿאַהר. פֿרעגט ביי דעם העררן רוסישען מיניסטער וויטטע, וועלכער הערט דאָ אונז צו שמייכלענדיג, צו זיינען די רעליגיעזע סעקטען פֿון דער נייסטער מאָדע פֿון רוסלאַנד און אַמעריקאַ אויך ניט זאַראַזשעט פֿון דער מגפה פֿון קאָמוניזם. איך בין מודה, אַז אַ רעליגיאָן איז אונז זעהר נויטיג, איך גיב אויך צו, אַז קריסטענטום, חוץ ווי סיידען פֿאַר די פּאַפּואַסען אין פֿאַר די ווילדע פֿון אַווסטראַליע, איז אין אייראָפּאַ געוואָרען אַ ביסעל אויס מאָדע. אָבער אַ נייע רעליגיאָן מוזען מיר האָבען און דעריבער דאַרפֿען מיר זיך סטאַרען, אַז פֿון איין זייט זאָל זי ניט זיין געשטוקעוועט פֿון גע׳גנב׳עטע שטיקער פֿון קאַטױליציזם און פֿון דער אַנדערער זייט זאָל זי אין זיך קיין שפור ניט האַלטען פֿון סאָציאַליזם.

— פֿאַר וואָס—האָט איבערגעשלאָגען דער ליבעראַל מאַרע, גליקליך פֿיהלענדיג זיך דערמיט, וואָס ער האָט אויך געהאַט אַ זכיה אַריינצורוקען

---

* פּאָזיטיוויזם — האָט דער גרויסער פֿראַנצויזישער פֿילאָזאָף אויגוסט קאָנט (געבאָרען 1798, געשטאָרבען 1857) אַ נאָמען געגעבען זיין טעאָריע, וועלכע פֿאַרוואַרפֿט לחלוטין יעדען מין חקירות און דרישות וועגען דעם „אָנהייב פֿון אַלע אָנהייבען", וועגען אַלע געטליכע און איבערנאַטירליכע זאַכען, און מאַכט פֿאַר איהר אַרויסגאַנגספּונקט די רעאַלע פֿאַקטען, די ערשיינונגען, וועלכע מיר קענען באַנעהמען מיט אונזערע געפֿיהלען. זי זוכט די געזעצמעסיגע פֿאַרבינדונגען צווישען דיזע ערשיינונגען און פֿאַראייניגט די רעזולטאַטען פֿון די נאַטורוויסענשאַפֿטען, וועלכע בילדען דעם יסוד פֿון דער פֿילאָזאָפֿיע, אין אַ לאָגיש געבויטע סיסטעמע. אין מיטעלפּונקט פֿון זיין סיסטעמע האָט קאָנט געשטעלט די געזעלשאַפֿטס-וויסענשאַפֿט אָדער סאָציאָלאָגיע און האָט אויסגעאַרבייט אַ אויספֿיהרליכען אידעאַל פֿון דער צוקונפֿטיגער אָרגאַניזאַציע פֿון דער מענשליכער געזעלשאַפֿט, פֿון „דער „פּאָזיטיווער געזעלשאַפֿט", וואו די „פּאָזיטיווע" פֿילאָזאָפֿען דאַרפֿען שפּילען די הויפּטראָלע און עס דאַרף איינגעפֿיהרט ווערען אַ נייע רעליגיאָן, די רעליגיאָן פֿון דער מענשהייט. דער איבערזעצער.

זיין וואָרט — פֿאַר וואָס זאָלען מיר אין דער נייער רעליגיאָן ניט אומ-בייטען די טעאָלאָגישע געבאָטען מיט ליבעראַלע געבאָטען. פֿאַר וואָס זאָלען מיר ניט אַנידערשטעלען אָנשטאָט „אמונה", „בטחון" און „גמילות-חסדים" — „פֿרייהייט", „גלייכהייט" און „ברידערליכקייט"?

— און „דאָס פֿאָטערלאַנד", האָט פֿאַרענדיגט דר. הערצל.

— דיזע ליבעראַלע מצוות זיינען, בנאמנות, די בעסטע רעליגיעזע ערפֿינדונג פֿון די היינטיגע צייטען—האָט געזאָגט וויטטע. זיי האָבען אַ גרויסען און וויכטיגען נוצען געבראַכט אין ענגלאַנד, פֿראַנקרייך, אַמעריקאַ און בכלל אומעטום, וואו זיי האָבען געדינט אַלס אַ מיטעל צו הערשען איבער די מאַסען; זיי ווערלען אונז נאָך ווען עס איז דינגען אויך אין רוסלאַנד. איהר, מיינע העררען פֿון מערב-אוי-ראָפּאַ, האָט אונז געלערענט דעם קונסט, ווי צו ראַבירען אין נאָמען פֿון „פֿרייהייט", ווי צו עקספּלואַטירען אין נאָמען פֿון „גלייכהייט" און ווי צו דערשיסען אין נאָמען פֿון „ברידערליכקייט"; איהר זייט אונזערע רביים, אונזערע ערציהער. אָבער דיזע דריי געבאָטען פֿון דעם בור-זשואַזנעם ליבעראַליזם זיינען נאָך ניט גענוג צו גרינדען אַ רעליגיאָן, דאָס זיינען נאָך אַלץ האַלב-געטער; מיר מוזען נאָך געפֿינען אַ אויבערשטען, אַלמאַכטיגען גאָט.

— די איינציגע רעליגיאָן, וועלכע וואָלט געקענט געבען אַן ענט-פֿער אויף די פֿאָדערונגען פֿון היינטיגער צייט, איז די רעליגיאָן פֿון „קאַפּיטאַל" — האָט שאַרף ערקלערט דער גרויסער ענגלישער סטאַ-טיסטיקער גיפּפּען. דער „קאַפּיטאַל" — דאָס איז דער רעאַלער, פּאָ-זיטיווער גאָט, וועלכער איז אומעטום פֿול און באַוויזט זיך אינטער פֿאַרשיידענסטע פֿאָרמען — דאָ איז ער גלענצענדער גאָלד און דאָרט — עיפּוש'דיגער טינוף; דאָ — טשערעדעס שאָף און דאָרט — זעק מיט קאַווע; דאָ — אַ קאַסטען חומשים און דאָרט — אַ פּאַק פֿון פּאָס-קודנע, שמוציגע בילדער; דאָ — מוראַ'דיג גרויסע מאַשינען און דאָרט — פּעק פֿון ענגלישע קאָפּטעס. דער „קאַפּיטאַל" — דאָס איז דער גאָט, וועלכען די גאַנצע וועלט זעהט, הערט, גרייפּט, פֿיהלט, שמעקט; ער עקסיסטירט פֿאַר אַלע אונזערע חושים. ער איז דער איינציגער גאָט, וועלכען קיינער האָט נאָך ניט אָבגעלייקענט. שלמה המלך האָט איהם פֿאַרגעטערט, כאָטש אַלץ איז געווען פֿאַר איהם הבל-הבלים; שאָפּענהויער האָט געפֿינען, אַז אין איהם ליגט עפּעס ווי אַ אָנ-ציהענדער כישוף, כאָטש אין אַלץ האָט ער פֿאַרלאָרען זיין גלויבען; האַרטמאַן, דער באַוואוסטלאָזער פֿילאָזאָף איז איינער פֿון זיינע באַ-וואוסטזיניגע גלוביגע. די אַנדערע רעליגיאָנען האַלטען זיך מעהר ניט ווי אויף די ליפּען, אָבער אין תוך אַריין, אין דער סאַמע טיפֿק ייט פֿו

מענשליכען הארצען, הערשטנאר די איינציגע אמונה אין „קאפיטאל".

בלייכרעדער, ראטשילד, וואנדערבילט, בראדסקי, מאראזאוו, אלע קריסטען און אלע אידען פון דעם גרויסען בריאס-קענדען „אינטערנאציאנאל", האבען געפאטשט בראוואָ און האבען געפילדערט:

— גיפפען איז געררעכט! דער „קאפיטאל" — דאס איז גאט, דער איינציגער לעבעדיגער גאט!

בשעת די התלהבות פון די געלד-זעק האט זיך א ביסל אבגע-קיהלט, האט גיפפען גערעדט ווייטער:

— פאר אינע איז זיין ערשיינונג שרעקליך, שיידערהאפט; פאר די אנדערע איז ער צערטליך ווי א יונגע מוטער. ווען דער „קאפיטאל" פאלט אריין אין א'ן ארט, פליהט ער דורך ווי א מורא'דיגער שטורם-ווינד, צוברעכענדיג און צומאלענדיג מענשען, בהמות און חפצים. ווען דער אייראפעאישער „קאפיטאל" האט זיך אריינגעוואָרפען אין עגיפ-טען, האט ער א כאפ געטאן די פעלאכען מיט זייערע אקסען, פיהרען און גראב-אייזענס, האט זיי א הייב געטאן פון דער ערד און האט זיי אריבערגעוואָרפען אין סועץ; מיט זיין אייזערנע האנד האט ער זיי — פארברענטע פון דער זון, טרייסלענדע פון קדחת, פארמוטשעטע, פאר'חלשטע פון הונגער און דארשט — צוגעבויגען אין ציגע-דריקט צו דער ארבייט. דרייסיג טויזענד פון די מענשען האבען אויסגעגליגט און באדעקט די ברעגען פון סועצער קאנאל מיט זייערע ביינער. דער „קאפיטאל" פארכאפט מענשען יונגע און פרייע, פלינקע און שטארקע, צופרידענע און פרעהליכע; ער פארשפארט זיי טויזענ-דערווייז אין די זאוואדען, און וועבערייען, און די גרובען; דארטען פאר-ברויכט ער זיי, אזוי ווי קינדער אין דעם פאבריטשנעם אויוען; ער מישט אויס זייער בלוט און זייער פלייש מיט די שטיינקוילען, מיט די פעדים פון דער וועבעריי, מיט דעם שטאל פון די מאשינען; ער גיסט איבער זייער לעבעדיגע קראפט אין טוידטען שטאף. ווען ער לאזט זיי ארויס, זיינען זיי שוין אויסגעניצט, צובראכען און פארעלטערט פאר דער צייט; זיי פארבלייבען מעהר ניט ווי אויסגעטריקענטע, אויסגעדארטע און אינ-נוצליכע סקעלעטען, איבער וועלכע עס רייסען זיך סובאטע, געלזכט און מאגען-קראנקהייטען, יעדע סטארענדיג זיך אריינצוכאפען זיי צו זיך. די מענשליכע פאנטאזיע, וועלכע איז אזוי רייך און ווער באשאפונג פון שרעקליכסטע, משונה'דיגסטע בריאות, האט נאך קיינמאל ניט געקענט באשאפען אזא גאט, וואס זאל זיין אזוי אומברחמנות'דיג, אזוי שרעק-ליך און אזוי אלמאכטיג צו טאן שלעכטס. — אבער ווי זיס, געטריי און ליבליך איז ער פאר זיינע „בחירים", פאר זיינע אויסדערוועהלטע!

אויף דער ערד איז ניטאָ אַזוי פֿיל תענוגים און פֿאַרגעניגענס, וואָס זאָלען זיין גענוג פֿאַר די אויסדערוועהלטע פֿון „קאַפּיטאַל"; ער צווינגט די אַרבייטער, אַז זיי זאָלען ברעכען די מוחות, אויסקלערענדיג פֿאַר זיי אַלץ נייע תענוגים, אַז זיי זאָלען פֿאַר זיי צוגרייטען נייע אונבאַקאַנטע מאכלים כדי צו רייצען זייערע אָנגעזעטיגטע אַפּעטיטען; ער שטעלט זיי צו יונגינקע מיידעלאַך, נאָך גאָר קינדער, כדי צו דערוועקען זייערע פֿאַרטעמפּעוועטע חושים און פֿאַנאַנדערצוהיצען זייערע אויסגעגאַנגענע תאוות. ער גיט זיי אַוועק אין זייער גאַנצען רשות ווי טויטע חפצים אַזוי אויך לעבעדיגע באַשעפֿענישען.

פֿאַרפֿלאַמט און צורייצט פֿון דעם גייסט פֿון אמת, וואָס גיפּפּען האָט אַרויסגערעדט, האָבען אַלע געטופּעט מיט די פֿיס און געריטשעט אין איין קול:

— דער „קאַפּיטאַל" — דאָס איז גאָט.

— דער „קאַפּיטאַל" ווייס ניט פֿון קיין פֿאָטערלאַנד, פֿון קיינע גרענעצען, פֿון קיין פֿאַרב, פֿון קיין ראַסע, פֿון קיין עלטער, פֿון קיין געשלעכט; ער איז דער אינטערנאַציאָנאַלער גאָט, דער גאָט וואָס איז פֿול איבער דער גאַנצער וועלט; אונטער זיינע געזעצען זיינען אונטער-געוואָרפֿען אַלע „כשר ורם'ס", אַלע מענשען פֿון דער וועלט! — האָט אויסגעשריען דער שליח פֿון פּאַפּסט אין דער בעגייסטערונג פֿון אַ געטליכער התלהבות, לאָמיר אויסמעקען די רעליגיאָנען פֿון דער פֿער-גאַנגענהייט, לאָמיר פֿאַרגעסען אונזערע נאַציאָנאַלע שנאות און אונזערע רעליגיעזע מחלוקת'ען, לאָמיר זיך פֿאַראייניגען מיט די געדאַנקען און געפֿיהלען כדי אייסצואַרבייטען און צוזאַמענצושטעלען די „אַני-מאַמין'ס" פֿון דער נייער אמונה, פֿון דער רעליגיאָן פֿון „קאַפּיטאַל".



די לאָנדאָנער אסיפֿה וועט זיין פֿאַרצייכענט אין דער היסטאָריע אַזוי ווי יענע גרויסע וועלט-בערהמטע אסיפֿות, וועלכע האָבען אויסגעאַרבייט די געזאָטען פֿון דער קאַטוילישער רעליגיאָן; די זיצונגען האָבען געדויערט צוויי וואָכען; מען האָט אויסגעקליבען אַ קאָמיסיע, אין וועלכער עס זיינען אַריין די פֿאָרשטעהער פֿון אַלע נאַציאָנען און וועלכע האָט אויף זיך גענומען צו פֿיהרען די פּראָטאָקאָלען און צוזאַמענשטעלען אין איין גאַנצער תורה אַלע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען און אידעען. אונז האָט געלונגען צו קריגען איינינע זאַכען, וואָס דיזע קאָמיסיע האָט שוין אויסגעאַרבייט, וועלכע מיר דרוקען אָב דאָ אין דיזען ביכעל.

## II. דער קאַטעכיזיס* פון די ארבייטער.

פֿראַגע.—ווי רופֿט מען דיך.

ענטפֿער.—מיין נאָמען איז שכירות-אַרבייטער.

פֿ.—ווער זיינען דיינע עלטערן?

ע.—מיין פֿאָטער איז אויך געווען אַ שכירות-אַרבייטער; די וועל-ביגע זאַך איך מיין זיידע און עלטער-זיידע; אָבער מיינע אבות-אבותינו זיינען געווען פֿאַנשטשיזניקעס ביי די פריצים און קנעכט ביי די שקלאַפֿען-הערערן. מיין מוטער רופֿט זיך דלות.

פֿ.—פֿון וואַנען קימסט דו און וואוהין געהסט דו?

ע.—איך קום אָן פֿון אָרעמקייט און געה צו עלענד און קבצנות. מיין וועג איז דורך'ן שפּיטאָל, וואו מיין גוף דאַרף דינען אַלס אַ זאַך, אויף וועלכער מען פּרובירט די ניי-ערפֿונדענע רפואות, און אַלס אַ קער-פּער, אויף וועלכען די דאָקטוירים שטודירען זייער מעדיצין, כדי דערנאָך צו קענען היילען די פּריווילעגירטע פֿון „קאַפּיטאַל".

פֿ.—וואו ביסט דו געבאָרען געוואָרען?

ע.—אויף אַ בוידים, אונטער'ן דאַך פֿון אַ שטוב, וואָס מיין פֿאָ-טער מיט נאָך אַרבייטער האָבען געבויט.

פֿ.—וואָס איז דיין רעליגיאָן?

ע.—מיין רעליגיאָן איז די רעליגיאָן פֿון „קאַפּיטאַל".

פֿ.—וועלכע פֿפליכטען ליעגט אויף דיר אַרויף די רעליגיאָן פֿון „קאַפּיטאַל".

ע.—צוויי הויפּט פֿפליכטען; דעם פֿפליכט אָבצוזאָגען זיך פֿון אַלין און דעם פֿפליכט צו אַרבייטען.

מיין רעליגיאָן הייסט מיר זיך אָבזאָגען פֿון מיינע אייגענטומס-רעכטען אויף דער ערד, וועלכע איז אונזער אַלעמענס מוטער, אויף די רייכקייטען, וואָס געפֿינען זיך אינעווייניג אין איהר פּאַרגראָבען, אויף אַלין, וואָס עס וואַקסט אויף איהר פֿון אויבען, און אויף איהר סודות-פֿולער פּרוכטבאַרקייט, וועלכע נעהמט זיך פֿון דער שיינונג אין וואַרע-מונג פֿון דער זון; — זי הייסט מיר זיך אָבזאָגען פֿון מיינע אייגענ-טומס רעכטען אויף מיך אַליין, אויף מיין אייגענעם „איך"; גלייך ווי איך

---

* קאַטעכיזיס הייסט בכלל אַ לעהרבוך, וועלכער איז איינגעאָר-דענט אין פֿראַגען און ענטפֿערן. ספּעציעל הייסט קאַטעכיזיס אַ רעלי-גיאָנס-לעהרבוך, אין וועלכען עס ווערען ערקלערט די יסודות פֿון דער רעליגיאָן אין דער געשטאַלט פֿון פֿראַגען און תשובות.

דער איבערזעצער.

טרעט נאָר אַריבער דעם שוועל פֿון דער ווערקשטאַט, געהער איך שוין מעהר ניט זיך, איך בין אַ זאַך, וואָס געהערט דעם בעל הבית.

מיין רעליגיאָן הייסט מיר אַרבייטען פֿון קינדווייז אָן ביז'ן טוידט, אַרבייטען ביי'ם שיין פֿון דער זון און ביי'ם שיין פֿון לעמפּעל, אַרבייטען ביי טאָג און ביי נאַכט, אַרבייטען אויף דער ערד און אונטער דער ערד, אויף'ן וואַסער און אונטער'ן וואַסער, אַרבייטען שטענדיג און אומעטום.

פֿ.—ליגט דיין אמונה אויף דיר אַרויף נאָך וועלכע ניט איז פּפֿליכטען?

ע.—יע; זי הייסט מיר פֿאַסטען תעניתים אַ גאַנצען יאָהר; זי הייסט מיר לעבען אין דחקות און איינשטילען מיין הונגער נאָר ביז אַ העלפֿט; זי הייסט מיר מאַכען וואָס קלענער די באַדערפֿנישען פֿון מיין קערפּער און וואָס ווייניגער די שטרעבונגען פֿון מיין גייסט.

פֿ.—צו האָט דיר דיין אמונה ניט פֿאַרבאָטען וועלכע ניט איז מאכלים?

ע.—זי האָט מיר פֿאַרבאָטען צוצורירען זיך צו געבראָטענע און געקאָכטע עופות ווי אויך צו עסען אָקסען-פֿלייש פֿון ערשטען צווייטען און דריטען סאָרט; איך טאָר אויך ניט עסען קיין פֿרישע און גוטע פֿיש, און עס איז מיר פֿאַרבאָטען צו טרינקען אמת'ן וויין און גוטע, פֿרישע מילך, אַזוי ווי מען מעלקט איהר אויס פֿון דער קוה.

פֿ.—וועלכע מאכלים מעגסט דו עסען?

ע.—איך מעג עסען ברויט, קאַרטאָפֿלעס, באָב, אַרבעס און געווירצערטע הערינג; איך מעג גרויזשען ביינער און עסען בהמישע, פֿערדישע, איזעלשע און חזיר'שע פֿלייש; כדי צו פֿאַרשטאַרקען מיינע אָבגעשוואַכטע כוחות, מעג איך גיסען אין זיך שטאַרקע בראַנפֿען און שוואַרצע ביר.

פֿ.—וועלכע פּפֿליכטען ליגט אויף דיר אַרויף דיין אמונה בנוגע צו דיר אַליין?

ע.—זי הייסט מיר מאַכען וואָס קלענער די הוצאות; לעבען אין שמוץ און בלאָטע; טראָגען צוריסענע, פֿאַרלאַטעטע און שמוציגע קליידער; ניצען דיזע בגדים ביז זיי ווערען צוריסען אויף פּיצלאַך און צופֿאַלען שטיקלאַכווייז; געהן אָהן שטיוועל און טראָגען אויף די פֿיס צוריסענע שיך, וועלכע טרינקען אויס די קאַלטע, בלאָטיגע וואַסער פֿון די גאַסען.

פֿ.—וועלכע פּפֿליכטען ליגט זי אויף דיר אַרויף בנוגע צו דיין פֿאַמיליע?

ע.—זי הייסט מיר בעזאָרגען, אַז מיין ווייב און מיינע טעכטער זאָלען

ניט האָבען אין זיך קיין שום ליבליכקייט, בנעימות׳דיגקייט און איידעלקייט; זיי זאָלען זיך אָבזאָגען פֿון דאָס נויטיגסטע; זיי זאָלען זיך געוואוינען ווינטער אין די פֿרעסט צו געהן האַלב נאַקעט און זומער אין די היצען צו וואוינען אויף די בוידימער אונטער די גליהענדע אייזערנע דעכער; זי הייסט מיר איינפּאַנצען אין מיינע קינדער די הייליגע מצוה פֿון אַרבייטען, כדי זיי זאָלען נאָך אויף דער עלטער פֿאַרדינען זייער הוונה און זאָלען חס ושלום ניט פֿאַלען צו לאַסט אויף דער געזעלשאַפֿט: זי הייסט מיר איינ-געוואוינען זיי צו לייגען זיך שלאָפֿען אין דער פֿינסטער און הונגעריג-גערהייד און בכלל איינגעוואוינע זיי צו אָרעמקייט און עלענד, וועל-כע איז זייער גורל אויף דער וועלט.

פֿ.—וועלכע פּפֿליכטען לייגט זי אויף דיר אַרויף בנוגע צו דער געזעלשאַפֿט?

ע.—צו פֿאַרמעהרען דעם נאַציאָנאַל-רייכטום: ערשטענס, דורך מיין אַרבייט און, צווייטענס, דורך מיין אָבשפּאָרען און אָבקאַרגען.

פֿ.—וואָס הייסט זי דיר טאָן מיט דאָס אָבגעשפּאָרטע און אָבגעקאַרגטע?

ע.—זי הייסט מיר אַוועקטראָגען דאָס אין די „אָבשפּאָרונגס-קאַ-סעס" פֿון דער מלוכה, כדי די רעגירונג זאָל דערמיט קענען צאָהלען איהרע חובות, אָדער ווי מען רופֿט דאָס — צו דערפֿילען די דעפֿיצי-טען פֿון דעם בודזשעט*, אָדער אַוועקצוגעבען דאָס אין די בענק,

---

* דער קאַטעכיזיס גיט דאָ אַנצוהערעניש וועגען די פֿאַקטען, וועל-כע זיינען פֿאָרגעקומען אין פֿראַנקרייך, נאָר וועלכע די רעדאַקטאָ-רען פֿון דיזען קאַטעכיזיס ווילען בלי ספק, אַז זיי זאָלען פֿאָרקומען אויך אין אַלע אַנדערע לענדער. די געלטען, וועלכע האָבען זיך געפֿונען אין פֿראַנקרייך אין די „אָבשפּאָרונגס-קאַסעס" האָט מען באַנוצט אָבצוצאָהלען אַ חוב פֿון דער מלוכה, וועלכער איז באַשטאַנען פֿון 1200 מיליאָנען פֿראַנק; אַלע יאָהר ווערען די מוסרות פֿון די הכנסות איבער די הוצאות פֿון די „איינשפּאָרונגס-קאַסעס" געברויכט, אַזוי ווי דער קאַ-טעכיזיס זאָגט, צו דערפֿילען די דעפֿיציטען פֿון דעם בודזשעט. דער פֿראַנצויזישער עקאָנאָמיסט לערוא-באָליע ווייזט אָן אויף דער גע-פֿאַהר, וועלכע קען אַרויסקומען פֿון אַזאַ לאַגע; די מלוכה קען באַנק-ראָטירען, אויב די, וועלכע האָבען אַריינגעלייגט זייער געלד אין די „אָב-שפּאָרונגס-קאַסעס", וועלען פֿאָדערען זייער געלד צוריק.

איך וועל אָנמערקען אויף דעם אמת-אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען קאַטעכיזיס, וועלכער פֿאָרמולירט די פּפֿליכטען אין רעכטען פֿון די פּראָלעטאַריער אָהן אונטערשייד צו וועלכער ראַסע זיי געהערען און אין וועלכער לאַנד זיי וואוינען.

וועלכע די גבירים-פילאַנטראָפּען האָבען געגרינדעט, כדי זיי זאָלען דאָס קענען לייהען אונזערע בעלי-הבתים. מיר דאַרפען אַלע מאָל אָוועקגעבען אונזערע אָבשפּאָרונגען, כדי אונזערע הערדען זאָלען זיך דערמיט באַנוצען.

פ.—ערלויבט זי דיר צו געניסען פון דיין אָבשפּאָרונג?

ע.—ווי נאָר מעגליך זעלטענער; זי הייסט אונז זיך ניט פאַר'עקש'ענען אין אונזער פאָדערונג, בעת די רעגירונג זאָגט זיך אָב פון אַרויסצוצאָהלען אינז אונזער געלד*, און צו שווייגען שטיל, בעת די גבירים פילאַנטראָפּען ערקלערען אונז איידער מיר האָבען נאָך געבעטען, אַז אונזערע אָבשפּאָרונגען זיינען פאַרשוואונדען געוואָרען ווי אַ רויך.

פ.—האָסט דו פּאָליטישע רעכטען?

ע.—דער „קאַפּיטאַל" ערלויבט אונז די אינשולדיגע צייט-פאַרטרייבונג אויסצואויסהערען געזעצגעבער, וועלכע שמידען אויס געזעצען כדי אונז צו בעדריקען, אָבער ער פאַרבאָט אונז אָבצוגעבען זיך מיט פּאָליטיק און צו הערען די סאָציאַליסטען.

פ.—פאַר וואָס?

ע.—ווייל די פּאָליטיק איז די פּריווילעגיע פון די בעלי-הבתים, ווייל די סאָציאַליסטען זיינען שווינדלער, וועלכע ראַבירען און נאַרען אונז אָב. זיי זאָגען אונז, אַז דער מענש, וועלכער אַרבייט ניט, דאַרף ניט עסען, אַז דער גאַנצער רייכטום געהערט צו די שכירות-אַרבייטער, ווייל זיי האָבען דאָס אַלין אויסגעאַרבייט, אַז די בעלי-הבתים זיינען פאַראַזיטען, וועלכע מען דאַרף פאַרניכטען. די הייליגע רעליגיאָן פון „קאַפּיטאַל" לערנט אונז, פאַרקעהרט, אַז די אייסברייננגעריי פון די רייכע באַשאַפט די אַרבייט, וועלכע גיט אונז אונזער חינה, אַז די רייכע זיינען מפרנס די אָרעמע לייט; אַז אויב עס וואָלטען ניט געווען קיין רייכע, וואָלטען די אָרעמע אויסגעגאַן פון הונגער. אויך לערנט זי אונז ניט צו זיין אַזוי נאַריש אום צו גלויבען, אַז אונזערע ווייבער און טעכטער וואָלטען אויך קענען טראָגען זיידענע און סאַמעטענע קליידער, וועלכע זיי וועבען און שפּינען—זיי, וועלכע קענען זיך צירען מעהר ניט ווי אין גראָבע לייווענד, און אַז מיר וואָלטען אויך קענען טרינקען אמת גוטען וויין און עסען די בעסטע מאכלים — מיר, וועלכע זיינען גע-

---

* אַזעלכע פאַקטען האָבען זיך שוין געטראָפען אין די יאָהרען 1848 און 1871; די רעדאַקטאָרען פון קאַטעכיזיס זעהען אַרויס אַפּריהער, אַז אַזעלכע פאַקטען וועלען זיך נאָך איבער'חזר'ען און זיי ווילען צו דעם צוגרייטען די אַרבייטער, וועלכע שפּאָרען אָב פון זייערע הוצאות.

וואונט צו עסען די ערגסטע מאכלים און צו טרינקען די שלעכטסטע משקאות.

פ.—ווער איז דיין גאָט?

ע.—מיין גאָט איז דער „קאַפּיטאַל“.

פ.—עקסיסטירט ער פון אייביג אָן?

ע.—אונזערע געלערנטע כהנים, די אָפּיציעלע עקאָנאָמיסטען, זאָגען, אַז ער עקסיסטירט זינט די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען; אמאָל איז ער געווען זעהר קליין, און כל-זמן ער איז נאָך געוועזן קליין האָבען „וופּיטער“, „יעהאָוואַ“, „יעזוס“ געקיניגט אויף זיין אָרט און אין זיין נאָמען; אָבער אַ׳ן ערך פון דעם יאָהר 1500 האָט ער אָנגעהייבען פון טאָג צו טאָג צו וואַקסען אין גרויס און אין שטאַרקייט אַ׳ן איצט הערשט ער איבער דער גאַנצער וועלט.

פ.—איז דיין גאָט אין אמת׳ען אַזוי שטאַרק?

ע.—יע; זיין הערשאַפט פאַרשאַפט כל-טוב אויף דער ערד, קעהרט ער נאָר אָב זיין פנים פון אַ פאַמיליע אָדער פון אַ נאַציאָן, הייבט זיך אויף איהר אָן צו גיסען אַ מבול פון צרות און יסורים. די מאַכט פון דעם גאָט-קאַפּיטאַל וואַקסט אין דעם ערך, ווי עס ווערט פאַרגרעסערט זיין מאַסע: יעדען טאָג נעהמט ער איין אַלין נייע לענדער; מיט יעדען טאָג ווערען אַלין פאַרגרעסערט די מאַסען (טשערעדעס) פון די שכירות-אַרבייטער, וועלכע זיינען אין דעם גאַנצען משך פון זייער לעבען פאַרמשפּט אַלין מעהר צו פאַרגרעסערן זיין מאַסע.

פ.—ווער זיינען די אויסדערוועהלטע, די אתה-בחרתנוקעס פון דעם „גאָט-קאַפּיטאַל“?

ע.—די בעלי-הבתים, די קאַפּיטאַליסטען און די קופּאָנעס-שניידער.

פ.—וואָס פאַר אַ שכר גיט דיר דיין רבונו-של-עולם, דער „קאַפּיטאַל“, אויף דער וועלט?

ע.—זיין שכר איז, וואָס ער גיט מיר שטענדיג, יעדען טאָג אַרבייט, מיר, מיין ווייב און מיינע פיטשינקע קינדערלאַך.

פ.—איז דאָס דער איינציגער שכר, וואָס דיין גאָט גיט דיר?

ע.—ניין; גאָט ערלויבט אונז איינצושטילען אונזער הונגער דערמיט, וואָס מיר מעגען קוקען אין די פענסטער פון מאַגאַזינען, וואו עס זיינען אויסגעשטעלט פאַרשיידענע מאכלים און משקאות, וועלכע מיר האָבען קיין מאָל ניט פאַרזוכט און וועלען קיין מאָל ניט פאַרזוכען און וועלכע עס עסען די אויסדערוועהלטע און די היילגע כהנים פון „קאַפּיטאַל“. זיין גיטסקייט ערלויבט אונז צו דערוואַרעמען איניערע פאַרפראָרענע גלידער מיט דעם, וואָס מיר מעגען קוקען אויף די וואַרעמע פוטערס און אויף דעם ריכען געוואַנד, אין וועלכע עס דעקען זיך

איין די אויסדערוועהלטע און די הייליגע כהנים פֿון „קאַפּיטאַל". ער ערלויבט אונז אויך דעם ליבען, איידעלען תענוג צו שעפּען פֿאַרגעני-גען פֿון די טייערע קאַרטען, אויף וועלכע מיר מעגען קוקען, בעת די הייליגע משפּחה פֿון די שיינענדע, פֿאַרפּוצטע, דיקע און גראָבּ-בייכיגע קאַפּיטאַליסטען און קופּאָנעס-שניידער פֿאָהרט אַרויס אויף'ן שפּאַציר, אַרומגערינגעלט מיט אַ גאַנצער מחנה פֿון רייך פֿאַרפּוצטע לאַקייען און מיט אַ גאַנצען פּאָלק פֿון פּ־אָסטיטוטקעס, געקליידעטע אין די טייערסטע בגדים און צירונג. קוקענדיג אויף דעם, האָבען מיר דעם רעכט צו שטאָלצירען, וואָס כאָטש דיזער גאַנצער רייכטום און גלאַנץ געהערט ניט אונז, איז דאָס דאָך פֿאָרט אַלץ די אַרבייט פֿון אונזערע הענד און פֿון אונזער מאַרך.

פֿ.—די אויסדערוועהלטע זיינען פֿון אַ'ן אַנדער ראַסע איידער דו?

ע.—די קאַפּיטאַליסטען זיינען אויסגעקנאָטען פֿון דעם זעלביגען ליים, זיינען די זעלבע בשר-ודם'ס ווי די שכירות-אַרבייטער; נאָר זיי זיינען אויסדערוועהלט פֿון צווישען טויזענדער און מיליאָנען מענשען.

פֿ.—דורך וואָסערע מעשים-טובים האָבען זיי פֿאַרדינט צו זיין די אויסדערוועהלטע?

ע.—דורך קיינע; גאָט באַווייזט זיין אַלמאַכטיגקייט דערמיט, וואָס ער בענשט מיט ברכה און הצלחה די, וועלכע האָבען דאָס גאָר ניט פֿאַרדינט.

פֿ.—דער „קאַפּיטאַל" איז דאָך אַלזאָ ניט קיין גערעכטער גאָט?

ע.—דער „קאַפּיטאַל" — דאָס איז די גערעכטיגקייט אַליין, אָבער זיין גערעכטיגקייט קען אונזער שוואַכער פֿאַרשטאַנד ניט באַגרייפֿען. אויב דער „קאַפּיטאַל" וואָלט געוויזען געצוואונגען צו בענטשען מיט גליק די, וועלכע האָבען דאָס פֿאַרדינט, וואָלט דאָך דאָס הייסען, אַז ער איז ניט פֿריי, אַז זיין אַלמאַכטיגקייט האָט געוויסע גרענעצען. דער „קאַפּיטאַל" קען אַנדערש ניט אַרויסווייזען זיין גאַנצע אַלמאַכטיגקייט סיידען דערמיט, וואָס ער קלייבט אויס זיינע אויסדערוועהלטע דוקא פֿון דער מחנה פֿון אונפֿייהיגע, פֿוילע און טויגעניכטסען.

פֿ.—מיט וואָס שטראָפֿט דיך דיין גאָט?

ע.—מיט דעם, וואָס ער פֿאַר'משפּט מיך צו בלייבען אָהן אַרבייט; דאַן ווערט אויף מיר אַרויפֿגעוואָרפֿען אַ חרם: דאַן טאָר איך זיך שוין ניט צוריהרען צו ברויט, צו וויין און צו הייצונג, איך, מיין ווייב און מיינע קינדער שטאַרבען דאַן פֿון הונגער.

פֿ.—פֿאַר וועלכע עבירות באַשטראָפֿט דיך דיין גאָט מיט'ן חרם פֿון אַרבייטסלאָזיגקייט?

ע.—פֿאַר קיינע; דער גוטער רצון פֿון „קאַפּיטאַל" איז גוזר אַ'ן

אַרבײטסלאָזיגקײט, אין פֿאַר וואָס קומט אונז אַזאַ גזירה קען אונזער שוואַכער שכל ניט פֿאַרשטײן.

פֿ.—ווי טוסט דו תפילה צו דײן גאָט?

ע.—איך בין ניט מתפלל מיט ווערטער, מײן תפילה איז די אַרבײט. יעדע תפילה מיט ווערטער וואָלט שטערן מײן אמת׳ער תפילה, דער אַרבײט — די אײנציגע תפילה, וועלכע קען אָנגענומען ווערען, ווײל זי איז די אײנציגע תפילה, וועלכע איז נוצליך, די אײנציגע, וועלכע איז געשמאַק דעם „קאַפּיטאַל״, די אײנציגע, וועלכע באַשאַפֿט דעם מעהרווערט.

פֿ.—וואו ביסט דו מתפלל?

ע.—אומעטום; אויף׳ן ים, אויף דער ערד און אונטער דער ערד; אויף די פֿעלדער, אין די גרובען, אין די ווערקשטאַטען און אין די קראָמען.

כדי אונזער תפילה זאָל געהערט און אָנגענומען ווערען, מוזען מיר אונזער פֿרײהײט, אונזער כבוד און אונזער ווילען אַנידערלעגען צו די פֿיס פֿון „קאַפּיטאַל״.

אויף דעם קלינג פֿון גלאָק, אויף דעם פֿײף פֿון דער מאַשין מוזען מיר זיך שוין צונויפֿלויפֿען, און גלײך ווי מיר הײבען אָן אונזער תפילה, דאַרפֿען מיר אָנהײבען, אַזוי ווי די אַוטאָמאַטען, זיך וואַרפֿען מיט די הענד און פֿיס, זיך שאָקלען מיט אַלע אברים, סאָפּען און שוויצען, אָנשטרײנגען אונזערע מוסקולען און אײסמוטשען אונזערע נערווען.

מיר דאַרפֿען זײן שפל-רוח, קלײן און נידעריג בײ זיך און די אױגען, מיר דאַרפֿען שטיל און געהאָרכזאַם איבערטראָגען דעם כעס און ווידלעריי פֿון אונזער בעל-הבית און פֿון אונזער מײסטער, ווײל זײ זײנען אַלע מאָל גערעכט, כאָטש אונז קען אײסווײזען, אַז זײ האָבען אומרעכט.

מיר דאַרפֿען דאַנקען דעם בעל-הבית, ווען ער רײסט בײ אונז אַראָב פֿון די שכירות און מאַכט לענגער דעם אַרבײטסטאָג, ווײל אַלץ וואָס ער טוט איז גערעכטיג און צוליב אונזער טובה וועגען. מיר דאַרפֿען האַלטען פֿאַר אַ זכיה, ווען דער בעל-הבית און זײנע מײסטערס קושען און האַלזען אונזערע ווײבער און טעכטער, ווײל אונזער גאָט, דער „קאַפּיטאַל״ שײנקט זײ דעם רעכט איבער׳ן לעבען און טױדט פֿון זײערע אַרבײטער, ווי אויך דעם רעכט אַוועקצורױבען די פֿרויען-עהרע בײ זײערע אַרבײטערינען.

קײן געפֿיהל פֿון אומציפֿרידענהײט טאָר זיך ניט אַראָבגליטשען פֿון אונזערע ליפּען, קײן כעס טאָר ניט אײפּקאָכען אונזער בלוט, קײן מאָל טאָרען מיר ניט אַרויסטרעטען אין אַ סטרײק, קײן מאָל דאַרפֿען מיר זיך ניט בונטעווען; מיר מוזען אַלע מאָל רוהיג איבערטראָגען אַלע צרות

אין יסורים אין שטילשווייגען אונזער פאַרדאַרטען, פאַרשימעלטען ברויט מיט אונזערע בלאָטיגע און שמוציגע וואַסער, מיר מוזען אַזוי זיך האַל-טען, ווייל צו באַשטראָפען אונזערע עזות און חוצפה באַוואָפענט דער „קאַפּיטאַל" אונזערע בעלי-הבתים מיט ביקסען און האַרמאַטען, מיט טורמעס און אָסטראָגען, מיט תליות און גיליאָטינען.

פ.—וועסט ד. האָבען שכר אויף „יענער וועלט"?

ע.—יע, זעהר אַ גרויסען. דער „קאַפּיטאַל" ערלויבט מיר נאָך'ן טוידט זיך אַוועקצולייגען און אויסצורוהען. דאָרטען וועל איך שוין מעהר ניט ליידען ניט פון קעלט ניט פון הינגער; דאָרטען וועל איך מעהר ניט דאַרפען זאָרגען פאַר דער הינגער. איך וועל געניסען דע-מאָלט דעם אייביגען רוה פון קבר.

## III. די דרשה פון דער קורטיזאַנקע*.

דער מאַנוסקריפּט (כתב), וועלכען מען האָט מיר איבערגעגעבען, איז ניט פאָלקאָם גאַנץ; די ערשטע דריי בלעטער פעהלען. אין די-ע בלעטער איז בלי ספק געשטאַנען אַ תפילה צום גאָט-„קאַפּיטאַל", דעם בעשיצער פון די פּערפאַלענע. דאָס, וואָס איך האָב אויף מיר גענומען די אויפגאַבע מעהר ניט ווי צו דרוקען די כתבים, וואָס איך האָב באַקומען פון דער קאָמיסיע, ערלויבט מיר ניט צו נעהמען אויף זיך די פּראָבע ווידער אויפצושטעלען דעם אינהאַלט פון די פאַרלאָרענע בלעטער.

פון די אָנמערקונגען, וועלכע זיינען געמאַכט אויף די זייטען פון די כתבים, קען מען אַרויסזעהן, אַז דער רעדאַקטאָר פון דיזער דרשה, דער שליח פון פאַפּסט, האָט זיך גענומען אַלס מיטאַרבייטער דעם ענג-לישען פּרינץ פון וואַלים, צוויי רייכע פאַבריקאַנטען, וועלכע זיינען באַוואוסט דער גאַנצער וועלט דורך זייערע זיידענע און טוך-פאַבריקען, ה' מאָראָזאָוו און ה' באָנגע און איין באַריהמטע קורטיזאַנקע, וועלכע האָט דורכגעזעהן פאַר'ן אָנפאַנג די פיינסטע לייט פון דער אַל-וועלטליכער אַריסטאָקראַטיע — קאָראַ פּערל.

פּ. ד.



* קורטיזאַנקע הייסט אַ פּראָסטיטוטקע (זונה), וועלכע שטעהט אויף אַ העכערער מדרגה, ד. ה. זי פאַרקויפט זיך די רייכע און פיהרט אַ ברייטען, רייכען לעבען. דער איבערזעצער.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . מענשען, וועלכע געהען אין דער געדיכטער פינסטערניש פון הויכבדיגען רעבען און ווערען געפיהרט דורך דעם טונקעלען שיין פון זייער שוואכען פארשטאנד, באליידיגען און מאכען צו שפאט און געלעכטער די קורטיזאנקע; זיי באשיטען איהר מיט חרפה און בזיונות און שטעלען איהר ארויס צום שאנד-סלופ פון זייער מאראל; זיי ווארפען איהר אין פנים זייערע כלומרשטדיגע מעשים טובים און גיסען אויף איהר ארויף זייער גאנצען כעס און בייזקייט; פון איהר — זאגען זיי — שטאמט ארויס אל-דאס-בייז און זי איז די מוטער פון יעדער רשעות און אויסגעלאסענקייט, פון יעדער זנות און צולאזענקייט: זי פארדארבט די בליהענדע יוגענד און באשמירט מיט שמוץ די גרויע האר פון א זקן; זי צושטערט דעם שלום צווישען מאן און ווייב און זייגט אויס מיט איהרע דארשטיגע, ניט-זאט-ווערענדיגע ליפען דעם גליק און צופרידענהייט פון דער פאמיליע.

א, מיינע שוועסטער! די ווילדע רציחה מיט דער נידעריגער קנאה פארפלעקען מיט ביטערע און שמוציגע גאל דעם נאבעלען, איידעלען פנים פון דער קורטיזאנקע, און דאך האט נאך מיט 19 הונדערט יאהר צוריק דער לעצטער פאלשער גאט, י ע ז ו ס  ד ע ר  נ ו צ ר י, אויפגעהויבען דעם אויסוואורף, דעם שאנד פון דער מענשהייט, מ א ר י א  מ א ג ד א ל י נ א, און האט איהר אנידערגעזעצט אין רעכטען מיטען פראכט און גלאנץ פון זיין גן-עדן צווישען די הייליגע צדיקים און חסידים.

איידער אויף דער וועלט איז אנגעקומען דער „אנת'ער גאט", איידער עס איז אנגעקומען דער „קאפיטאל", האבען די רעליגיאנען, וועלכע האבען געריסען איינע פון די אנדערע די ערד, און די געטער, וועלכע האבען זיך איינע נאך די אנדערע באזעצט אין די מענשליכע קעפ, געהייסען איינשליסען די ווייבער און די פרויען-הייזער (בית-הנשים) און האבען ערלויבט מעהר ניט ווי די העטערען° צו עסען די

---

° ה ע ט ע ר ע ן הייסען אויף גריכיש — פריינדינען, און מיט דיזען נאמען האבען זיך אין ג ר י כ ע נ ל א נ ד גערופען די פראסטיטוטקעס. נאך גאר אין די אלטע צייטען, בעת די פרוי איז אין גאנצען אונטערגעפאלען אונטער דעם רשות פון איהר מאן און האט איהם אלע מאל געמוזט בלייבען טריי, האט מען אין ג ר י כ ע נ ל א נ ד — כדי מען זאל ניט עובר זיין אויף דעם געבאט פון „אשת-איש" — געגרינדעט עפענטליכע הייזער א נטער דער השגחה פון דער מלוכה, וואוהין מען פלעגט אויפקויפען שיינע שקלאפינען, וועלכע פלעגען זיך פארקויפען

פרוכט פון דעם עץ-הדעת, פון דעם בוים פון וויסענשאפט און פרייהייט. נאָר די גרויסע געטין פון בבל, מיליטא-אנאיטיס „די בישופ׳דיגע פארפיהרערקע, די יצר-הרע׳דיגע זונה״, האט באפעהלען, אז די „עבודה״ אין איהר טעמפעל זאל פארקומען דורך זנית. ווען בידדא, דער „גאָט-מענש״, איז געקומען אין וועזאלי, האט ער זיך באזעצט ביי דער בעל-הבית׳טע פון דעם הייליגען „בית הזונית״ (פראסטיטוציע-הויז), וואיהין עס פלעגען אָפט קומען די הייליגע כהנים אין די אָנפיהרער פון שטאָדט, אָנגעטאָן אין זייערע „בגדי כהונה״. „יעהאָוואַ״, דער „אל קנא ונוקם״, האט אויפגעהאלטען אין זיין בית המקדש קורטיזאנקעס *.

באלויכטען דורך דעם שיין פון דער רעליגיאָן, האבען די מענשען פון די פארצייטיגע געזעלשאפטען פארגעטערט די קורטיזאנקע; זי איז ביי זיי געווען דער רמז, דער צייכען פון דער מאכט פון דער אייביג באשאפענדער און אייביג צושטערענדער נאטור.

די „אבות״ (פאָטערס) פון דער קאטוילישער קירכע, וועלכע האָט מיט איהרע בבא-מעשות אין לעגענדעס פארשאפט תענוג די מענשען-קינדער אין דעם משך פון פיל הונדערטער יאָהרען, האבען געזונט דעם רוח-הקודש, די געטליכע בעשייסטערונג אין זייער צוזייפקומען זיך מיט

---

די מאנסבילען און פלעגען זיך רופען „העטערען״. אין די שפעטערדיגע צייטען האבען די העטערען אָנגעהייבען שפילען אַ׳ן אנדער ראָלע. דאָס זיינען געווען ש׳ין ניט נאָר שקלאפינען, נאָר אויך פרייע פרויען, וועל-כע האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער שיינקייט, בילדונג און טאלאנ-טען אין טאנצען, זינגען און מוזיק-שפילען, און האבען געלעבט אין אייגענע הייזער, וועלכע זיינען אָפט געווען די רייכסטע און שענסטע פאלאצען פון שטאָדט. די העטערען זיינען געווען זעהר געאכטעט פאר זייער בילדונג און פארשטאנד אין האבען געשפילט א גרויסע ראָלע אין דער געזעלשאפט, און נאָך מעהר, ווייל די „זיטליכע״ בעל-הבית׳-ישע גריכישע פרויען פלעגען מוזען זיין פארשפארט אין זייערע הייזער און זיינען געשטאנען זעהר נידעריג ווי אין בילדונג אזוי אויך אין מאָ-ראל. דער איבערזעצער.

* דער שליח פון פאפסט מיינט דאָ דעם פסוק פון תנ״ך (מלכים ב, קאפ. כ״ג, פ. ז.): „ער (יהשיהו) האָט צושטייסען די הייזער פון די זונות, וואָס זיינען געווען אין דעם טעמפעל פון גאָט און אין וועל-כע די זונות האבען געוועבט געצעלטען״. אין דעם טעמפעל פון מי-ליטא האבען די קורטיזאנקעס פון בבל אויך געהאט זייערע באזונ-דערע חדרים, וואו זיי פלעגען זיך אָבגעבען מיט זייער הייליגער ספע-ציאליטעט.

פראָסטיטוטקעס. ווען דער פאַפּסט פלעגט צונויפרופען איף אַ אסיפה זיינע גלחים און זיינע בישאָפען צו פסק׳ענען אַ וויכטיגע שאלה אין די ענינים פון דער אמונה, פלעגען די קורטיזאַנקעס — געפיהרט באצבע אלהים, מיט דעם פינגער פון גאָט — זיך צונויפליפען פון אַלע עקען פון דער וועלט; זיי פלעגען ברייגנגען אין זייערע אונטער-קליידלאַך דעם „רוח הקודש״ און פלעגען באַלייכטען די מוחות פון די למדנים און מופלגים. דער גאָט פון די קריסטען האָט אַזעקגעגעבען דער פראָס-טיטוטקע אויף׳ן קייזערליכען טראָן, טהעאָדאָראַ׳ן, די מאַכט און דעם רשות צו קריינגען און אַראָבצואוואַרפען די הייליגע פאַפּסטען, וועלכע זיינען ריין פון אַלע חטאים.

דער „קאַפּיטאַל״, אונזער אַלמאַכטיגער גאָט, האָט אַרויפגעשטעלט די קורטיזאַנקע נאָך איף אַ העכערער מדרגה. זי הערשט איצט ניט נאָר איבער אַלטינקע, עובר-בטל׳דיגע פאַפּסטען, וואָס פּאָבען מיט דער נשמה, נאָר אויך איבער טויזענדער יונגע און שטאַרקע אַרבייטער, וואָס זיינען געניט אין יעדער מלאכה און אין יעדער קונסט: כדי צו ערפילען איהרע תאוות און קאַפּריזען, כדי זי זאָל גוט פאַרברייגנגען די צייט, טוען זיי אַלין אין דער וועלט: זיי וועבען, נייען, האַפטען, שניי-צען, שמידען גאָלד און אייזען, שלייפען דימאַנטען און בריליאַנטען, ברייגנגען פון די טיפענישען פון ים פערעל און קאָראַלען; אין די שטאַרקסטע ווינטערדיגע פרעסט פראָוצירען זיי בלומען פון פריהלינג און פרוכטען פון אָסיען; זיי בויען פאַלאַצען, הייגנגען קינסטליך אַרום די ווענד מיט די טייערסטע שטאָפען, פאַרבען די דעכער, מאַכען סטאַטועס פון מאַרמאָר, שרייבען ראָמאַנען און דראַמאַ׳ס, פערפאַסען אָפּעראַ׳ס, און זינגען, שפּילען און טאַנצען. סעמיראַמידאַ, קלעאָפּאַטראַ, אָט דיזע מעכטיגע קייזערינען האָבען קיין מאָל ניט געהאַט די מעגליכ-קייט צו שאַפען מיט אַזאַ גרויסע מאַסע פון אַרבייטער, וואָס זיינען אַזוי גוט געלערנט צו יעדער מלאכה און אַזוי געניט אין יעדער קונסט, אַזוי ווי די קורטיזאַנקע פון היינטיגער צייט.

די קורטיזאַנקע — דאָס איז די צירונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציע. לאָז זי נאָר אויפהערען צו צירען די געזעלשאַפט — און די ביסעל פרייד, וואָס איז נאָך פאַרבליבען איף דיזער חושבדיגער, טרויעריגער וועלטעל, וועט אַוועקפליהען ווי אַ רויך. די דימאַנטען און בריליאַנטען, די טייערע שטאָפען, אויסגענייטע מיט זיידענס און מיט גאָלד, וועלען בלייבען אוננוצליך, אַזוי ווי די קינדער-שפּילכעלאַך; דער לוקסוס און די קונסט, דיזע קינדער פון דער ליבע און שיינקייט, וועלען אָנווערען דעם גאַנצען טעם; אַ העלפט פון דער מענשליכער אַרבייט וועט פאַרלירען איהר ווערט. נאָר כל-זמן מען קויפט און מען פאַרקויפט,

כל-זמן דער „קאַפּיטאַל" פֿאַרבלייבט דער הערשער איבער'ן פֿאַרשטאַנד און דער שכר-געבער פֿאַר מצוות און עבֿרות, וועט די סתירה פֿון ליבע זיין די טייערסטע, און די אויסדערוועהלטע פֿון „קאַפּיטאַל" ויעלען באַ-פֿרידיגען דעם דאָרשט פֿון ליבע, וואָס ברענט אין זייער האַרצען, מיט דעם אייז-קאַלטען קוש פֿון די געפֿאַרבטע ליפּען פֿון דער קורטיזאַנקע.

אויב דער קריטישער געדאַנק וואָלט ניט מאַכען דעם מענשען אַזוי פֿאַרנאַרעשט, אויב די אמונה וואָלט פֿאַר איהם עפֿענען די טירען פֿון פֿאַרשטאַנד, וואָלט ער פֿאַרשטעהן, אַז די קורטיזאַנקע, צו וועלכער עס שטרעבט דער ברענענדער חשק פֿון די גבֿירים און מאַבט-האָבער, איז איינע פֿון די טרייב-קרעפֿטען פֿון גאָט-„קאַפּיטאַל" צו באַוועגען די פֿעל-קער און אומענדערען די געזעלשאַפֿטען.

אין די שוואַרצע, חשכדיגע צייטען פֿון מיטעלאַלטער, דאַן, ווען דער „קאַפּיטאַל", אונזער גאָט, האָט ווי אַ קינד וואָס הייבט אָן זיך דומפּ צו באַוועגען אין דעם מוטערס בויך, זיך אָנגעהויבען אויסצוביל-דען אין דער סודות-פֿולער פֿאַרבאָרגענהייט פֿון די עקאָנאָמישע פֿער-העלטניסען, אין דער צייט ווען קיין מענש האָט נאָך ניט געזאָגט קיין נביאות וועגען זיין געבאָרען ווערען, אין דער צייט ווען דעם מענשענס נשמה, ניט וויסענדיג אַז עס איז אַראָבגעקומען אַ גאָט, האָט נאָך ניט געטאַנצט און געשפּרונגען פֿאַר שמחה, — דאַמאָלסט שוין האָט דער „קאַפּיטאַל" אָנגעהויבען צו קירעווען אין פֿיהרען די טעטיגקייט פֿון מענ-שען. ער האָט אַריינגעגאָסען אין גייסט פֿון די אייראָפּעאישע קריסטען אַ ווילדע בעגייסטערונג, וועלכע האָט זיי אַוועקגעשטופּט אויף די וועגען פֿון אַזיע אין נאָך געדיכטערע מאַסען ווי די מחנות פֿון מילבען.

— אין יענע צייטען זיינען די הערשער פֿון די מענשען געווען גראָבע, ווילדע פּריצים-פֿעאָדאַלען, וועלכע האָבען דעם גאַנצען לעבען פֿאַר-בראַכט אין זייערע אייזערנע פֿאַנצירען, אַזוי ווי די טשערעפּאַכע (שילד-קראָט) אין איהר שילד; זייערע מאכלים איז געווען מעהר ניט ווי האַר-טע, האַלב-געבראָטענע פֿלייש אין זייערע משקאות זיינען געווען געדיכט, ברודיג און שטאַרק; קיין גרעסערער פֿאַרגעניגען איז פֿאַר זיי ניט גע-ווען ווי נאָר צו שטעכען זיך מיט שפּיזען, אין דער בעסטער לוקסוס זייערער איז געווען אַ שאַרפֿער, בליאַסקענדער שווערד. כדי אַ ריהר צו טאָן דיזע גראָבע כאַמולעס פֿון זייער אָרט, האָט אונזער גאָט גע-דאַרפֿט זיך אַראָבלאָזען ביז דער מדרגה פֿון זייער פֿאַרשטאַנד, וועלכער איז געווען האַרט און שווער אַזוי ווי בליי: ער האָט זיי אַריינגעגעבען דעם רעיון אָנצוטאָן אייף זיך אַ צלם און צו לויפֿען אין פּ אַ ל ע ס ט י נ אַ באַפֿרייען געוויסע שטיינער פֿון אַ קבֿר, וואָס האָט קיין מאָל ניט עקסיסטירט. גאָט האָט געוואָלט זיי צופֿיהרען צו די פֿיס פֿון די קור-

טיזאַנקעס פֿון די מזרח-לענדער, איינצו׳שיכור׳ען זיי מיט לוקסוס און תענוגים אין איינצופּלאַנצען אין זייער האַרצען די געטליכע תאוה, די ליבע צו גאָלד. בשעת זיי האָבען, נאָך מיט צורייצטע געפֿיהלען פֿון די גאָלד און פּורפּור, פֿון די אַראַבישע בשמים אין געווירצען און פֿון די הייסע קישען פֿון די דאָרטיגע קורטיזאַנקעס, זיך אומגעקעהרט צוריק אין זייערע פֿינסטערע טורעמס, וואו עס האָבען נאָר געקוואָקעט און געקרעכצט פֿאַרשיידענע נאַכטפֿויגלען, איז זיי נמאס געוואָרען און עס האָט זיי אָנגעהייבען עקלען פֿון זייערע גראָבע, שווערע, ניט-ריהרעוו-דיגע ווייבער, וועלכע האָבען פֿון קיין אַנדער זאַך ניט געוואוסט ווי נאָר צו טראָגען און צו האָבען קינדער: זיי האָבען זיך אָנגעהייבען שעמען פֿאַר זייער ווילדקייט אין באַרבאַריי, אין ווי אַ יונגע מוטער, וועלכע גרייט צו אַ וויגעלע פֿאַר איהר קינד, וואָס האַלט ביי געבאָרען ווערען, האָבען זיי געבויט שטעדט אויף׳ן ברעג פֿון מיטעללענדישען ים, זיי האָבען באַשאַפֿען די קייזערליכע אין פֿירשטליכע הויפֿען פֿון אויראָפּאַ צוליב דעם אַראָבקומען פֿון דעם גאָט — „קאַפּיטאַל".

איך זאָג אייך בנאמנות, די קורטיזאַנקע איז טייערער פֿאַר אונזער גאָט, איידער די געלד פֿון אַקציעס פֿאַר דעם פינאַנסיסט; זי איז זיין געליבטע טאָכטער, די טאָכטער, וועלכע היט אָב בעסער איידער אַלע אַנדערע פּרויען זיין געבאָט און טוט זיין רצון. די קורטיזאַנקע האַנ-דעלט מיט אַ זאַך, וועלכע מען קען ניט וועגען, מען קען ניט מעסטען, זי האַנדעלט מיט אַ זאַך, וואָס איז ניט מאַטעריעל, וואָס גיט זיך ניט אינטער די הייליגע געזעצען פֿון בייטען איין סחורה אויף אַ׳ן אַנדער סחורה: זי פֿאַרקייפֿט ליבע, אַזוי ווי דער קרעמער פֿאַרקויפֿט זייף און חלב׳נע ליכט און אַזוי ווי דער פּאָעט פֿאַרקויפֿט שטיקלאַכוויז זיין אי-דעאַל. נאָר פֿאַרקויפֿענדיג די ליבע פֿאַרקייפֿט די קורטיזאַנקע זיך אַליין; דערמיט גיט זי דעם פּרויען-מין אַ ווערט, איהר מין באַקומט שוין אַלזאָ די איינענשאַפֿטען פֿון אונזער גאָט, ער ווערט אַ טייל פֿון גאָט, ער איז „קאַפּיטאַל". די קורטיזאַנקע פֿאַרקערפּערט אין זיך „גאָט".

אָ, פּאָעטען, אָ, דראַמע-שרייבער, אָ, ראָמאַן-שרייבער! איהר זייט נאָך נאַרישער ווי די בהמות אין פֿעלד, איהר, וואָס זידעלט די קורטיזאַנקע דער-פֿאַר, וואָס זי גיט איבער איהר קערפּער ניט אַנדערש ווי פֿאַר מזומנים; איהר, וואָס פֿאַרוואַרפֿט איהר מיט בלאָטע דערפֿאַר, וואָס זי שאַצט אָב איהר ליבע מיט הויכע מקחים. איהר ווילט אַלזאָ, אַז זי זאָל מחלל זיין דעם געט-ליכען חלק, וועלכען זי האָט אין דער געשטאַלט פֿון איהר קערפּער, איהר ווילט זי זאָל איהם מאַכען ווערלוועלער ווי די שטיינער פֿון ברוק. איהר, מאַראַליסטען, וואָס אייער האַרץ איז אַ חזיר-שטאַל, וואו עס פֿיטערט זיך דער יצר-הרע, איהר וואַרפֿט איהר אויף, וואָס ביי איהר

איז טייערער ריינע גאָלד איידער אַ האַרץ וואָס ברענט פֿון ליבע. איהר, טעמפּע פֿילאָזאָפֿען, האַלט אַלזאָ די קורטיזאַנקע פֿאַר אַ רויב-פֿויגעל, וואָס זעטיגט איהר הונגער מיט נאָך וואַרעמע ציטערנדע פֿלייש? איהר אַלע, וואָס איהר ווערגט זיך פֿאַר קאַרגקייט, רעכענט איהר דען, אַז די קורטיזאַנקע וועט זיין וויינינגער יצר-הרע׳דיג דערפֿאַר, וואָס מען מוז איהר קויפֿען? קויפֿט מען דען ניט דעם ברויט, וועלכער שפּייזט דעם גוף, דעם וויין, וועלכער מאַכט פֿריילאַך די האַרץ? קויפֿט מען דען ניט דעם יושר פֿון דעפּוטאַט, די תפילה פֿון גלח, דעם מוט פֿין סאָלדאַט, די קענטעניש פֿין אינזשעניער, די עהרע פֿון קאַסיר?

גאָט-קאַפּיטאַל פֿאַרשילט די פּראָסטיטוטקעס, וואָס פֿאַרקויפֿען זיך פֿאַר אַ פּאָר רובל, פֿאַר אַ פּאָר גילדענס צו די אַרבייטער און סאָלדאַ-טען; שרעקליכער ווי דער מלאך-הדומה פּייניגט ער דיזע בהמות בצורת מענש, וועלכע דינען פֿאַר דעם פֿאַרגעניגען פֿון די קבצנים, ער פֿאַר׳-סם׳ט זייער הויט מיט כל המינים ווענערישע קריינק, ער גיט זיי איבער אין די הענד פֿון די וואוילע יונגען, וועלכע שלאָגען זיי און ראַבעווען זיי; ער שטעלט זיי אונטער דער השגחה פֿון דער פּאָליציי, פּונקט ווי די פֿאַרפֿוילטע פֿלייש פֿון מאַרק.

אָבער די קורטיזאַנקע, אויף וועלכע עס רוהט די אמת׳ע גנאָד פֿון גאָט-קאַפּיטאַל, פֿאַרשטאָפּט זיך די אויערען און וויל גאָר ניט הע-רען פֿון אייער מוסר און פֿון אייערע קעלבערנע דרשות, וואָס זיינען נאָך אַ סך אומזיסטער איידער די קולות פֿין אַ גאַנז, וועלכע מען פֿליקט; זי באַדעקט איהר נשמה מיט אַ דיקען אייז, וועלכען קיין פֿייער פֿון אַ ליבעס-תאוה קען ניט מאַכען צוגעהן, ווייל וועה און ווינד איז צו דער ק אַ מ ע ל י ע ן-ד אַ מ ע*, וועלכע גיט זיך אָב, אָבער פֿאַרקויפֿט זיך ניט. גאָט קעהרט אָב זיין פּנים פֿון דער פֿאַרליבטער קורטיזאַנקע, וועלכע חלש׳ט אַוועק נאָך איהר געליבטען; אויב איהר האַרץ קלאַפּט און איה-רע געפֿיהלען רעדען פֿון ליבע — איז זי אַ פֿאַרפֿאַלענע, ווייל דער קויפֿער פֿון ליבע, אַריינקומענדיג צו איהר נאָכדעם, ווי דער געליבטער פֿון האַרצען איז אַרויסגעגאַנגען, וועט צו זיין פֿאַרדראָס און אונצופֿרי-דענהייט געפֿינען אָנשטאָט אַ פֿרישע סחורה מעהר ניט ווי אַ אָבגע-

---

* די ק אַ מ ע ל י ע ן-ד אַ מ ע — אַזוי היסט די העלדין פֿין אַ ראָ-מאַן און אַ דראַמע פֿון דעם פֿראַנצויזישען שריפֿטשטעלער ד י ו מ א. דאָס איז אַ קורטיזאַנקע, וועלכע פֿאַרליבט זיך אין איינעם פֿון איהרע „געסט" און צוברעכט זיך דורך דעם איהר אייגענעם לעבען, ביז זי שטאַרבט אַוועק אין די בליהענדסטע יאָהרען פֿון סוכאָטע.

דער איבערזעצער.

שוואַכטען און פאַרשמאַכטען קערפּער.

די קורטיזאַנקע ציהט אויף זיך אַרויף ווי אַ פּאַנצער אַ אָנציהענדע, הנ׳עוודיגע קאַלטקייט, כדי איהר פאַרצעלייענעס קערפּער, איבער וועלכען די תאוה פּאַכט ניט מיט איהרע פליגלען, זאָלען די קויפער כסדר קושען מיט זייערע ברענענדע ליפּען און דאָך ניט קענען איינשטילען דעם העלישען פייער פון זייער תאוה. זייער ליבע-שיכרות דאַרף זיך ביי זיי נעהמען פון די צוקאָכטקייט פון זייער אייגענער בלוט, און ניט פון דעם היץ פון איהר האַלדזען און פון דעם ברען פון איהר קושען, ווייל בעת דער קויפער שלינגט די קושען פון איהר פאַרקויפטען גוף, דאַרף איהר פריע נשמה טראַכטען וועגען דעם געלד, וואָס ער איז איהר שולדיג. די קורטיזאַנקע באַשווינדעלט די, וועלכע קויפען איהר: זי צווינגט זיי צו צאָהלען איהר מיט געלד פאַר דעם תענוג פון ליבע, וואָס זיי גיסען אין זיך אַליין אַריין, און ווייל בשעת זי פאַרקויפט זיי די ליבע עקסיסטירט נאָך די פאַרקויפטע סחורה ניט, בענטשט איהר דערפאַר אונזער גאָט-„קאַפּיטאַל“, ביי וועלכען גנבה און שווינדעל זיינען די ערשטע רעליגיעזע מעשים טובים.

פרויען וואָס הערען מיך! איך האָב אייך מגלה געווען דעם סוד פון דער רעטעניש-פולען קאַלטקייט פון דער קורטיזאַנקע. פון דער פאַרשטיינערטער קורטיזאַנקע, וועלכע לאַדט איין דעם גאַנצען קלאַס פון די אויסדערוועהלטע פון „קאַפּיטאַל“ אויף דער סעודה פון איהר קערפּער און זאָגט: „נעהמט, עסט און טרינקט, דאָס איז מיין פליש און דאָס איז מיין בלוט“ *.



די טרייע ווייב און גיטע בעל-הבית׳טע, וועלכע די גאַנצע וועלט גיט אָב כבוד מיט׳ן מויל, נאָר פון וועלכער אַלע סטאַרען זיך צו אַנטלויפען און מען לאָזט איהר איבער אויסצוגעהן ווי אַ ליכט ביי דעם פאַמיליען פייער, טיילט אָב דעם מענשען פון זיינע גלייכען, דערוועקט אין ענטוויקעלט אין זיין האַרץ קנאה און שנאה, — דיזע אַנטי-סאָציאַלע ליידענשאַפטען, וועלכע פאַר׳סמ׳ען מיט גאַל זיין בלוט, און צווינגען איהם צו זיין ביי זיך אין שטיב ווי אין אַ תפיסה; זי פאַרמויערט איהם אין פאַמיליען-עגאָאיזם. די קורטיזאַנקע, פאַרקעהרט, באַפרייט

---

* דאָס זיינען די ווערטער פון יעזוס-קריסט, וועלכע ער האָט געזאָגט צו זיינע תלמידים פּסח צום סדר, אין דער נאַכט ווען מען האָט איהם אַרעסטירט. דער איבערזעצער.

דעם מאַנסביל פֿון פֿאַמיליען-יאָך און תאוה.

געלד טיילט פֿאַנאַנדער די מענשען, פֿערגרעסערט דעם שטח פֿון איינעם ביז׳ן צווייטען, אבער די קורטיזאַנקע איז מתקרב מענשען, פֿעראייניגט זיי, די מענשען, וואָס זיינען פֿיינדליך איינער צום אַנדערען צוליעב געגענזייטיגע אינטערעסען אין געשעפֿט, כאַפּען זיך אַרום ווי ברידער ביי איהר אין שלאָף-צימער: עס פֿעראייניגט זיי דער געהיימער, טיעפֿער, אונפֿערמיידליכער פֿערבאַנד, וואָס זיי אַליין פֿערשטעהען ניט; זיי האָבען געגעסען אין געטרונקען די זעלביגע קורטיזאַנקע; זיי האָבען זיך מתודה געווען אין דעם זעלביגען מקום קדוש.

די ליעבע, אָט די דאָזיגע ווילדע און גראָבע תאוה, וואָס פֿערדונקעלט דעם מענשענ׳ס שכל, טרייבט איהם צו פֿערגעסען, מקריב צו זיין די אייגענע אינטערעסען; אבער די קורטיזאַנקע גיט אַנשטאָט דער ליעבע אַ לייכטע, קריין-בירגערליכע, בעקוועמע און געקויפֿטע ליעבעסבעציהונג; אַזאַ ליעבע ברויזט ווי זעלצער-וואַסער, אבער אָנשיכור׳ן — דאָס ניט.

די קורטיזאַנקע איז אַ כשרה מתנה פֿון גאָט-קאַפּיטאַל; זי רייצט איהרע „בחורים" איף אויסצוקלעהרען אַל׳ן נייע און נייע לוקסוס און תענוגים און מסכתא זנות; זי בעפֿרייט זיי פֿון זייערע געזעצליכע ווייבער, וועלכע זיינען לאַנגווייליג ווי די אָסיענדיגע רעגענס, וואָס ציהען זיך אָן אַ׳ן עק. ווען עס קומט אָן די עלטער אין דער פּנים בעדעקט זיך מיט קנייטשען, און די לייב ווערט איינגעשרומפּען, ווען דער גלאַנץ פֿון די אויגען ווערט פֿערלאָשען, ווען די גליעדער הערען אויף צו ריהרען זיך פֿלינק אין דער אָטעם פֿערלירט זיין ווייכקייט, ווען ביי זייערע ווייבער קעהרט די גאַל קיקענדיג אויף זיי, דאַן איז די קורטיזאַנקע פֿאַר זיי אַ טרייסט אין די יסורים פֿון די אַלטע יאָהרען; איהר קאַלטע לייב, וואָס האָט פֿאַר קיין זאַך קיין שום מורא ניט, פֿערשאַפֿט זיי איף אַ קורצע צייט אַ פֿערגניגען, פֿאַר וועלכען זיי בעצאָהלען מיט מזומנים.

די קורטיזאַנקע איז טהעטיגער פֿון די פֿערמעגטען, וואָס אַרבייטען אויס דעם יונגען וויין: עשירות לאָזט זי אַוועק זיך דרעהען מיט שנעלקייט, פֿון וועלכער עס שווינדעלט אין די אויגען; מיט׳ן כח פֿון אַ ווילדען שטורעמווינד וואַרפֿט זי זיך אַרום מיט מיליאָנען, ברייננט אויס מורא׳דיגע אוצרות; גאָלדגריבער, זאַוואָדען, באַנקען, פּראָצענט-פּאַפּירען פֿון דער מלוכה, וויינגערטנער און פֿעלדער צוגעהען איינס און צוויי ביי איהר אין די הענד, ווערען צוריסען צווישען די פֿינגער און פֿערשפּרייטען זיך איבער טויזענדער קאַנאַלען פֿון האַנדעל און אינדוסטריע. ביי אַ גע׳פּגר׳טען נפֿש אין וואַלד קומען זיך צונויף וויינ-

גער ווילדע חיות, ווי די מחנות בעדיענטע, סוחרים, פּראָצענטניקעס, וואָס דרעהען זיך אַרום איהר און צאַפּען פון איהר די דמים; זיי האַל-טען אָפֿען זייערע טיעפֿע קעשענעס, אַז עס זאָלען אַהין אַריינפֿאַלען אַ פּאָר טראָפּענס פון גילדענעם רעגען, וואָס גיט זיך אַ גאָס, ווי זי טהוט נאָר אַ דריי מיט'ן קלייד. אין מסירת נפש קאָן מען זיך פֿון איהר אַ מוסר אָראָבנעהמען: זי שטעלט בדלות איהרע פּאָלוביניקעס, כדי רייך צו מאַכען די בעדיענטע און הענדלער, וועלכע רייסען פון איהר די הויט.

די קינסטלער אין סוחרים וואָלטען פֿערגליווערט געוואָרען מיט זייערע פּ-לע מאָגענס, ווען די קורטיזאַנקע זאָל זיי ניט צווינגען אָנצו-שטרענגען דעם מח אויף אַרויסצובויינגען שפּאָגל-נייע תענוגים און צאַצקעס: ווייל אין איהר שטענדיגער יאָגעניס נאָך נייע זאַכען, איז נאָך ניטאָ קיין איינע, וואָס זאָל איהר ניט מיאוס ווערען ווי זי האָט זיך דער-מיט אָנגעשפּילט אַ קורצע צייט; פֿאַר איהר איז ניטאָ קיין איין פֿערגניגען, וואָס זאָל איהר די מינוט ניט ווערען איבערדריסיג.

די מאַשין, די פֿערשפּאָרקע פֿון האָרעוואַניע, וואָלט געבראַכט די אַרבייטער און אַרבייטערינען צו דער גרויסער עבירה אַרומצוגעהען פּוסט-און-פּאַס. אַ'ן עבירה — וואָס איז די מאַמע פון אַלע אַנדערע עבירות; אָבער די קורטיזאַנקע האָט געמאַכט פֿון דער לוסט צו פֿער-שווענדען געלד אַ שטיק אַרבייט, וואָס איז זעהר נוצליך פֿאַר'ן כלל, און וואָס מעהר עס ווערט ענטוויקעלט די מעכאַנישע אינדוסטריע, לעבט זי אַלײן מיט אַ גרעסערען לוקסוס, קריגט זי אַלײן העכערע פֿאָדערונגען, אָבער אויך נאָך צוליעב דעם, אַז די פּראָלעטאַריער, וועלכע זיינען פֿער'משפּט צו ליידען צרות, זאָלען האָבען גענוג וואָס צו טהאָן, — אין אַרבייט איז דאָך דער קוואַל פֿון מצוות אין מעשים טובים.

די בעלי-הבתים פֿון פֿאַבריקען און מאַגאַזינען פֿערגעטערען די קורטיזאַנקע, וועלכע פֿרעסט אייף גאַנצע פֿערמעגענס, וועלכע פֿער-דאַרבט און צושטערט אַלצדינג, ווי אַ חיל אין דער צייט פֿון קריעג; זי איז דער זיסער מלאך, וואָס האַלט אויף דאָס לעבען און די קרעפֿ-טען פֿון האַנדעל און אינדוסטריע.

די מידות טובות, וועלכע די אמונה קאַפּיטאַל לערענט, איז ריינער און ערהאַבענער, ווי די תורות פֿון די פֿאַלשע אמונות פֿון די פֿריהערדיגע צייטען; זי אַנערקענט ניט, אַז אַלע מענשען זיינען גלייך: דער מיעוט, דער גאָר-גאָר קליינער הויפֿעלע מענשען, איז אויסגעקליבען צו בעקומען אויסשליסליך פֿון קאַפּיטאַל זיינע חסדים.

די קורטיזאַנקע טאָר זיך ניט פֿערשווערען (מוחל זיין) מיט די קו-שען פֿון אַ פּוער, אַ פּראָסטען נפש, ווייל גאָט-קאַפּיטאַל האַט

נאָר פֿאַר די יחידי-סגולה די קאָסטבאַרע און איידעלע מתנות פֿון נאַטור און קונסט.

אויב די קורטיזאַנקע, וואָס ווערט בעהיט פֿון גאָט ברוך-הוא אליין אויף צו דערפֿרייען די הערצער פֿון די רייכע און מעכטיגע, און איז בעשטימט גע-וואָרען אַרונטערצורייסען דעם שלייער פֿון דער צניעותסטווע פֿון דער געזעל-שאַפֿט, צו דערגיין דעם תהום פֿון דעם מענשענ׳ס לומפּעריי, וואָס רופֿט נאָר אריס עקעל, דערפֿאַר אָבער לעבט זי אין לוקסוס און שטענדיגע הולאַנקעס; יחסנים און נגידים, מענשען מיט אַ גרויסען נאָמען געהען אויס פֿאַר איהר, אַז זי זאָל זיי בעעהרען און אָנשטאָט צו זיין „מאַדאם כל הארין„ זאָל זי ווערען „מאַדאַם פלוני אלמוני"; זי לאָזט זיך איינ-ריידען און די שמוציגע הולטאַיסטווען ענדיגען זיך מיט אַ גאָטס-פּאָרכטיגען חופּה וקידושין כדת משה וישראל. ווען זי איז יונג, לייגען אַוועק די קאַפּיטאַליסטען ביי איהרע פֿיס זייער האַרץ, אויף וואָס זי וויל ניט קוקען אפילו, און די עשירות זייערע, וואָס זי לאָזט אַוועק אויפֿ׳ן ווינד; די פערטרעטער פון קונסט און ליטעראַטור דרעהען זיך אַרום איהר און חנפה׳נען זיך צו צו איהר מיט ערקלערונגען, אַז זיי זיינען איהר טריי ווי שקלאַפֿען; זיי טהוען דאָס, פֿערשטייט זיך, ניט פֿון מצוה וועגען. ווען עס קומט אָן די עלטער און זי ווערט מיעד און אָבגעלאָזען, פֿערמאַכט זי די קראָם און הויבט-אָן איינצולאַדען געסט: מענער חשובים און פֿרויען-צנועות הויבען זיך אָן מתחתן זיין מיט איהר, ווערען מורא׳דיגע גוטע פֿריינד, דאַווגען טאָג ווי נאַכט פֿאַר איהר — זיי גיבען דאָס אָב דערמיט כבוד צו איהרע עשירות — דעם כשר׳ען שכר פֿאַר איהר געשלעכטליכע אַרבייט.

גאָט שיט אויס אויף דער קורטיזאַנקע זיינע חסדים; אויב זי האָט ניט געקראָגען פֿון דער נאַטור שיינקייט און שכל, גיט ער איהר דער-פֿאַר אויסערליכען גלאַנץ, פֿעפֿערדיגען חן, פֿערקריפּעלקייט און גראָב-קייט פֿון געשלעכטליכען געפֿיהל — אַלין אַזעלכע מעלות און סגולות, וואָס קענען אי בעצויבערען, אי פֿערשקלאַפֿען די איידעלע נשמה פֿון דעם קאפּיטאל׳ס יהידי סגולה.

גאָט האָט פֿערהיט די קורטיזאַנקע פֿון די שוואַכקייטען, וואָס זיינען פֿערבונדען מיט איהר געשלעכט. די נאַטור—די שטיפֿמאַמע— האָט אַרויפֿגעלייגט אויף דער פֿרוי די עבודת פרך פֿון געווינערינס: אָבער די שרעקליכע יסורים פֿון קינדלען, קומען אָן נאָר אַ לובאָווניצע אין אַ ווייב. גאָט דער באַרעמהערציגער האָט בעהיט די קורטיזאַנקע פֿון דעם מיאוס׳ען אויסזעהען פֿון אַ מעוברת, פֿון די סכנות נפשות פֿון אַ קינדבעטאָרין: ער מאַכט זי פֿאַר אַ׳ן עקרה — און דאס איז גאָט׳ס גרעסטע גנאָד. ניט די קורטיזאַנקע, נאָר די לובאָווניצע און די אשת

איש, דאַרפֿען היים מתפלל זיין צו דער הייליגער בתולה מרים: „דו גאָט׳ס מאַמע, דו בתולה, וואָס דו האָסט געגומען טראָגען אָהן אַ מאַן, פֿיהר אויס ביי גאָט, אַז איך זאָל קענען זינדיגען און ניט ווערען מעוברת"*.

די קורטיזאַנקע איז אַ בעשעפֿעניס פֿון דריטען געשלעכט — ניט קיין מאַן און ניט קיין פֿרוי; זי לאָזט איבער פֿאַר דער פּראָסטער פֿרוי די שמוציגע און שווערע אַרבייט פֿון האָבען קינדער.

ציפֿעליג ווערען אַריינגעשטויסען אין דער אַרמעע פֿון די קורטיזאַנקעס אייך פֿרויען פֿון די נידעריגע קלאַסען. עס איז פּשוט אַ שאַנדע און אַ פֿערדרוס, אַז די, וואָס פֿערנעהמען אַזאַ בכבוד׳יגען פּלאַץ אין דער שיינער געזעלשאַפֿט, זאָלען גאָר פֿיהרען זייער יחוס ווער ווייס פֿון וואָס פֿאַר אַ בלאָטע.

איהר פֿרויען, וואָס איהר הערט מיינע רייד, וואָס איהר געהערט צו די העכערע קלאַסען, דערמאָנט זיך נאָר אָן דעם, אַז די אַלטע אַריסטאָ־קראַטיע האָט אויפֿגעוואָרפֿען לודאָוויג׳ען דעם 15־טען, דאָס ער האָט זיך גענומען קעבס־ווייבער פֿון פֿערשיעדענע קרייזען; לאָזט וויסען בקול רם ונורא, אַז עס איז אייער מייערסטע פּריווילעגיע—צו האָבען דאָס רעכט און די עהרע צו ליפֿערען קורטיזאַנקעס פֿאַר די יחידי סגולה פֿון קאַפּיטאַל. צווישען אייך געפֿינען זיך שיין איצט אַ פֿולע, וואָס טרייסלען זיך אָב פֿון די אומעטיגע פּפליכטען פֿון אַ ווייב אין הויז און פֿערקויפֿען זיך פֿאַר קורטיזאַנקעס; אָבער זיי האַנדלען מיט זייער געשלעכט מיט פּחד, מיט צבועצסטווע, נעהמט זיך אַראָב אַ מוסר פֿון די תשובה׳ע, בכבוד׳יגע מאַטראָנען פֿון אַלטען רוים, וועלכע פֿלעגען זיך פֿערשרייבען ביי די עדילען אום צו בעשעפֿטיגען זיך מיט דער מלאכה פֿון קורטיזאַנקעס; טרייסעלט אָב פֿון זיך, צוטרעט אינטער די פֿיס די אידיאָטישע און פֿערשימעלטע פֿאָראורטיילען, וואָס זיי פּאַסען נאָר פֿאַר שקלאַפֿען. גאָט־קאַפּיטאַל האָט געבראַכט דער וועלט אַ נייע מאָראַל; ער האָט געגעבען דער וועלט אַ נייע תורה: דער מענש איז פֿריי; זייט וויסען, אַז ווערען פֿריי קען מען נאָר דאַן, ווען מען האָט ערוואָרבען דאָס רעכט צו פֿערקויפֿען זיך, טאָ פֿערקויפֿט זיך, כדי בעפֿרייט צו ווערען פֿון דער שקלאַפֿעריי פֿון פֿאַמיליען־לעבען. אין דער קאַפּיטאַ־

---

* די בעלי־אסיפֿות האָבען זיך בעגייסטערט מיט די געדאַנקען פֿון אָגיוסט קאָנט, דער גרינדער פֿון דער פּאָזיטיווער פֿילאָזאָפֿיע האָט נביאות געזאָגט, אַז עס וועט אויפֿקומען אַ נייער מין פֿרויענציכער, וועלכע וועלען ניט וויכען פֿון דעם צער פֿון טראָגען און האָבען קינ־דער, די קורטיזאַנקע פֿיהרט דורך אין לעבען דעם אידעאַל פֿון דעם בורזשואַזנעם פֿילאָזאָף.

ליסטישער גע־עלשאַפּט געפינט איהר ניט קיין חשוב׳ערע אַרבייט, איידער די אַרבייט פון אַ קורטיזאַנקע. מהוט אַ קוק אויף די מלאכה פון אַ׳ן אַרבייטערין און דערנאָך בעטראַכט מיט קאָפּ, אין וואָס עס בעשטעהט די מלאכה פון אַ קורטיזאַנקע. נאָך אַ לאַנגען און שווערען טאָג אַרבייט האַלט זי, די בלאַסע, אויסגעמאַטערטע אין פון אַלעמען פערבאַכטעטע אַרבייטערין, דעם קלאָגעדיגען פערדיענסט אין איהר אויסגעאַרבייטער האַנד, וואָס עס קלעקט נאָר ניט אויסצוגעהען פון הונגער. פול מיט פרייד, ווי אַ יונגער גאָט, הויבט זיך אויף די קורטיזאַנקע פון בעט אָדער פון קושעטקע, מאַכט צורעכט די האָר און מיט אַ נאָכלעסיגער מינע ציילט זי איבער די גילדענע מטבעות אין באַנק-פּאַפּירען. איהר אַרבייט האָט ניט איבער געלאָזט נאָך זיך קיין איין פלעק, קיין שום שאָטען פון מיעדקייט. זי שווינקט אויס די מויל, ווישט אויס די ליפּען און זאָגט מיט אַ שמייכעל: צום צווייטען!

איהר, מעלה-גירה׳דיגע פילאָזאָפען, וואָס איהר ווערט ניט מיעד מעלה-גורה צו זיין די פערשימעלטע חוקים ומשפּטים פון דער מאָראַל פון דער אַלטער וועלט, זאָגט-זשע אונז, וואָס׳ער מלאכה איז מעהר אָנגענעהם אונזער גאָט-קאַפּיטאַל — די מלאכה פון אַ׳ן אַרבייטערין אָדער די מלאכה פון אַ קורטיזאַנקע?

וואָס העכער עס איז דער פּרייז פון אַ שטיקעל סחורה, איז די סחורה אַלץ ליעבער דעם קאַפּיטאַל. נו-זשע, איהר צבועקעס-מאָראַליסטען, געפינט אדרבא אין דער לאַנגער רשימה פון מענשליכע בעשעפטיגונגען אַ האַנד-אַרבייט אָדער אַ קאָפּ-אַרבייט, וואָס זאָל געבען אַזאַ גרויסען פערדיענסט, ווי די געשלעכטליכע אַרבייט? האָט זיך דען ווען עס איז בעצאָהלט אַזוי טייער ווי די קושען פון קאָראַ פּערל — די וויסענשאַפט פון אַ געלעהרטען, די גבירה׳שאַפט פון אַ סאָלדאַט, דער געני פון אַ שרייבער, די קונסט פון אַ׳ן אַרבייטער.

די מלאכה פון דער קורטיזאַנקע איז אַ הייליגע מלאכה, און גאָט-קאַפּיטאַל בעצאָהלט פאַר איהר מיט אַ גרעסערען פּרייז ווי פאַר איטליכע אַנדערע אַרבייט.

מיינע ליעבע שוועסטער, הערט זיך צו צו מיינע רייד, הערט, וואָס איך זאָג אייך. גאָט אַליין רעדט צו אייך מיט מיינע ליפּען:

אויב גאָט האָט אייך אַזוי פאַרלאָזען און אייך קעהרט ניט די גאַל פון דער אַרבייט פון אַ האַנדאַרבייטערין, וואָס מאַכט מיאוס דעם קערפּער און הרג׳עט אַוועק די גייסטיגע פעהיגקייטען, זאָלט איהר ניט ווערען קיין קורטיזאַנקע.

אויב גאָט האָט אייך אזוי פאַרלאָזען, אַז איהר רייסט זיך צו דער צרה׳דיגער עקסיסטענץ פון אַ בעל-הבית׳טע, וועלכע איז פערמויערט

אין שטוב ווי אין אַ טורמע און זעהט נאָר צו שפּאָרען און לעבען אין קמצנות, זאָלט איהר ניט ווערען קיין קורטיזאַנקע.

אויב גאָט האָט אייך אַזוי פֿערלאָזען, אַז איהר ווילט זיך לעבען פֿאַר זיך, בעשיצענדיג דעם שמאָלען ווינקעל, וואָס אייער מאַן האָט אַוועקגעוואָרפֿען, אום צו פּטר'ען אייער נדן מיט אַ קורטיזאַנקע, זאָלט איהר ניט ווערען קיין קורטיזאַנקע.

אָבער ווען איהר קימערט זיך פֿון אייער פֿרייהייט, מענשען-ווירדע, כבוד און גליק בעולם הזה — ווערט אַ קורטיזאַנקע.

ווען איהר זייט צו גרויס ביי זיך, אַז איהר זאָלט מרוצה ווערען צו טהאָן די שמוציגע אַרבייט פֿון אַ האַנד-אַרבייטערען אָדער אַ בעל-הבית'טע אין שטוב, אַ'ן אַרבייט, וואָס איז פּשוט אַ'ן ערנידערונג און פערקריפּעלט דעם מח, און עס עקעלט דערביי — ווערט אַ קורטי-זאַנקע.

ווען איהר ווילט זיין אַ קיסר'ינע פֿון די ימים-טובים און תענוגים פֿון דער ציוויליזאַציע — ווערט אַ קורטיזאַנקע.

און דער רוח הקדש וועט אייך מצליח זיין. אמן סלה.

## IV. קהלת, אדער דער ספר פון דעם קאַפּיטאַליסט.

דיזער ספֿר איז איבערגעווען אין די הענד פֿון אַ סך קאַפּיטאַ-ליסטען, וועלכע האָבען איהם דורכגעלעזען און געמאַכט בעמערקינגען. אָט זיינען איניגע פֿין זיי:

עס איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט, אַז די דאָזיגע תקנות פֿין גאָט'ס השפעה וואָלט דער גראָבער שכל פֿון געדונגענע אַרבייטער אויסגע'-פֿשט,עלט אין אַ שלעכטען זין, מיין מיינונג איז, אַז מען דאַרף די תקנות איבערזעצען אין וואָלאַפּיוק * אָדער אַ'ן אַנדער הייליגע שפּראַך.

אינטערגעשריבען: זשיול סימאָן.

עס וואָלט געווען אַ יושר זיך אַ מוסר אַראָבצונעהמען פֿון די אידישע תנאיים, וועלכע האָבען פֿערבאָטען אַ'ן עם הארץ אריינקוקען אין ספר קהלת, און צו ערלויבען לייענען ספר קאַפּיטאַליסט נאָר די, וואָס זיינען בעקאַנט מיט די סודות פֿון דער אמונה און פֿערמעגען ניט ווינציגער פֿין אַ מיליאָן.

אונטערגעשריעבען: בלייכרעדער.

---

* אַ קינסטליך בעשאַפֿענע אינטערנאַצאָנאַלע שפּראַך.
דער איבערזעצער.

נאָך מיין מיינונג נאָך, איז אַ מיליאָן פֿראַנק אָדער מאַרק אַ צו קליינע מטבע, איך שלאָג פֿאָר אַ מיליאָן דאָלאַר.

אונטערגעשריבען: דזשוי גולד.

## I. די נאַטור פֿון גאָט־קאַפּיטאַל.

1) לייג אַריין דיין קאָפּ אין די ווערטער פֿון גאָט, אין די ווערטער פֿון קאַפּיטאַל.

2) איך בין גאָט—דער מענשענפֿרעסער; איך זעץ זיך אַוועק ביים טיש אין די ווערקשטאַטען און פֿרעס אויף די געדונגענע אַרבייטער. דעם צרה׳דיגען לעבען פֿון האָראָפּאַשניק פֿערוואַנדעל איך אין געטליכען קאַפּיטאַל. איך בין אַ געהיימניס אָהן אַ סוף: מיין אויביגער וועזען איז ניט מעהר ווי אַ פּשוט׳ער גוף; מיין אַלמעכטיגקייט איז דעם מענשענ׳ס שוואַכקייט. די בעוועגונגסקראַפֿט פֿון קאַפּיטאַל איז די לעבענסקראַפֿט פֿון אַרבייטער.

3) איך בין דער פּרינציפּ פֿון אַלע פּרינציפּען: מיט מיר הויבט זיך אָן איטליכע פּראָדוקציאָן, מיט מיר ענדיגט זיך איטליכער מקח־וממכר.

4) איך בין אַ לעבעדיגער גאָט, וואָס געפֿינט זיך אומעדום: די אייזענבאַהנען, די אייוועגס, וואו מען גיסט אייזען, ווייץ און קאָרען, שיפֿען, וויינגערטנער, גילדערנע און זילבערנע מטבעות — דאָס זיינען די צושטרייטע און צושפּרייטע עברים פֿון קאַפּיטאַל.

5) איך בין די אונענדליכע נשמה פֿון דער ציוויליזירטער וועלט, און איך ליעג אין אַ גוף, וואָס האָט מיליאָנען־מיליאָסען פֿערשיעדענע געשטאַלטען. איך לעב אין אַלצדינג, וואָס ווערט געקויפֿט און פֿאַרקויפֿט; אין איטליכען שטיקעל סחורה צאַפּעלט זיך מיינער אַ׳ן אָדער, און עס איז ממש ניטאָ קיין איינציגע כח־רה, וואָס זאָל עקסיסטירען אַחוץ מיר, אַחוץ מיין חיות.

6) איך בלישצע אין גאָלד און שטינק אין שמעטניק מיסט; איך מאַך פֿרייליך אין בראַנפֿען און וויין, און עס איז שטיקער אין שוועבעלזוייערען קיפער.

7) מיין עצם, וואָס האַלט אין איין וואַקסען, פֿליסט דורך דעם שטאָף ווי אַ טייכעל, וואָס קיינער זעהט ניט; ער איז צוטיילט אין מעהר חלקים, ווי דער שטאַרקסטער כח הדמיון קאָן זיך פֿאָרשטעלען, און נעהמט אָן פֿערשיעדענע פֿאָרמען, אַ בעזונדער פֿאָרמע פֿאַר איטליכע שטיקעל סחורה; איך ווער קיין מאָל ניט מיעד איבערצוגיסען זיך פֿון איין פֿאָרמע אין די צווייטע: היינט ברויט און פֿלייש, מאָרגען די אַרבייטסקראַפֿט פֿון דעם פּראָדוצענטען, איבערמאָרגען אַ שטיק אייזען, אַ

שטיק קאָלענקאָר, אַ דראַמאַטישעס ווערק, אַ פּעסעל שמאַלץ אָדער אַ זעקעל גואַנאָ. די וואַנדערונג פֿון קאַפּיטאַל הערט קיין מאָל ניט אויף. מיין עצם שטאַרבט קיין מאָל ניט; אָבער זיינע פֿאָרמען ויינען גראָד ניט אויביג — זיי שטאַרבען אָב, בייטען זיך.

8) דער מענש זעהט, טאַפּט, שמעקט און עסט מיין גוף, אָבער זיינע חושים האָבען קיין שום שליטה ניט איבער מיין גייסט, וואָס מען קאָן נאָך ווייניגער אָנטאַפּען ווי עפיר. מיין גייסט איז דער קרעדיט. אים צו קענען לעבען און ווירקען דאַרף ער ניט האָבען קיין שום קערפּער-ליכע מלבושים.

9) מיין גייסט איז אַ גרעסערער בעזיקער ווי בערצעליוס, ווי זשעראַר; אונגעהייערע פֿעלדער, קאָלאָסאַלע מאַשינען, שוויערע מע-טאַלען און ברילענדע סטאַדעס פֿערוואַנדעלט ער אין פּאַפּירענע אַקציעס; וואַסער-לייטונגען און גיסאייזענס, גריבער אין זאַוואָדען געהען אַרי-בער פֿון האַנד אין האַנד אויף דער בערזע, אין מיין בית המקדש, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען לייכטער פֿון עלעקטריזירטע פּראָבקענע קייקלעך.

10) אין די לענדער, וואו עס הערשט די באַנק, הויבט זיך אָהן מיר גאָר ניט אָן אין אָהן מיר ענדיגט זיך קיין יאַך ניט. איך מאַך די אַרבייט פֿעהיג צום לעבען; איך טהו אָן אַ צוים אויף די צובושעוועטע קרעפֿטען פֿון דער נאַטור, כדי זיי זאָלען דיענען דעם מענשען; איך גיב איהם אין די הענד אַ מעכטיגען אינסטרומענט, מיט וועלכען ער זאָל קענען בעוועגען די אָנגעקליבענע אוצרות פֿון דער וויסענשאַפֿט.

11) איך וואַרף אַריין די געזעלשאַפֿט אין אַ גילדענע נעץ פֿון האַנדעל און אינדוסטריע.

12) אַ מענש, וואָס האָט ניט קיין קאַפּיטאַל, געהט אין לעבען אַ נאַקעטער, אַרומגערינגעלט מיט בלוטדורשטיגע חיות, וועלכע זיינען בעוואַפֿענט מיט אַלערליי כלי-זין אויף אָנצוטהאָן יסורים און ממית'ען.

13) אויב אַ מענש, וואָס האָט ניט קיין קאַפּיטאַל, איז געזונד ווי אַ'ן אָקס, לייגט מען איהם אַרויף אויף די פּלייצעס די שווערסטע משא; אויב ער איז אַ האָראָפּאַשנער ווי אַ מוראַשקע, אַרבייט ער פֿאַר צוויייען; אויב ער איז ניט קיין אויסקלייבער אין עסען ווי אַ'ן אייזעל, פֿערקלע-נערט מען זיין פּאָרציע עסענוואַרג.

14) וואָס איז אַזוינס די וויסענשאַפֿט, די גוטע מידות און די אַר-בייט אָהן קאַפּיטאַל?—הבל הבלים אין גאַלע משוגעת.

15) זאָל ניט זיין די ברכה פֿון קאַפּיטאַל, און די וויסענשאַפֿט פֿערפֿיהרט דעם מענשען אין משוגעים-הויז; די אַרבייט און די גוטע מידות וואַרפֿען איהם אַריין אין תהום פֿון דלות,

16) ניט די וויסענשאַפט, ניט די גוטע מידות, ניט די אַרבייט — בעפרידיגען ניט דעם מענשליכען גייסט; איך, קאַפּיטאַל, זעטיג אָן זיינע זולל-וסובה׳דיגע אַפּעטיטען און זיינע תאוות.

17) איך גיב זיך אָב און נעהם זיך אַוועק צוריק, אָט ווען נאָר און ווי איך וויל און גיב קיינעם ניט אָב קיין דין וחשבון. איך בין אַל-מעכטיג, איך בין דער הערשער פון אַלין, סיי פון חפצים, סיי פון לע-בעדיגע בעשעפעניסען.

## II. קאַפּיטאַל׳ס יחידי־סגולה.

1) דער מענש, אָט דער בערגעל פערפעסטעטער שטאָף, קומט צוגעהען אין גאָט׳ס וועלטעל הייל-נאַקעט ווי אַ וואָרים, און דערנאָך, פערקראַפט אין אַ קאַסטען ווי אַ פּאַפּירענער טענצער, ווערט ער פער-פוילט אין דר׳ערד און זיין צופוילטער קערפער מאַכט פעט די גראָז און די פעלדער.

2) און אָט דעם זאַק פון מיסט און עיפוש האָב איך פון דעסט-וועגען אויסגעקליבען פאַר מיין פערטרעטער, — איך, קאַפּיטאַל, איך, די ערהאַבענסטע ערשיינונג אונטער דער זון.

3) די אוסטריצעס און די שנעקען האָבען אַ געוויסען ווערט צו-ליעב די מעלות פון זייער פיזישער נאַטור; דער קאַפּיטאַליסט האָט אַ בעדייטונג נאָר דערפאַר, וואָס איך האָב איהם געבענטשט מיט מיינע חסדים; ער האָט אַ ווערט בלויז דערפאַר, וואָס ער איז דעם קאַפּיטאַל׳ס פערטרעטער.

4) איך מאַך רייך דעם רשע, מעג ער זיין טויזענד מאָל אַ רשע; איך לאָז גיין מיט׳ן טאָרבע דעם צדיק, מעג ער זיין אפילו פון די ל״ו. איך קלייב אויס, וועמען איך וויל.

5) איך קלייב אויס דעם מענשען פאַר אַ קאַפּיטאַליסט ניט דער-פאַר, וואָס ער איז קלוג אָדער עהרליך, שיין אָדער יונג. וואָס נאַרישער, וואָס מעהר פערדאָרבען, מיאוס׳ער און צוקראָכענער פון אַלטקייט ער איז, אַלין אַ בעסערער בעווייז איז דאָס, אַז מיין מאַכט איז אונגעהויער גרויס.

6) דער קאַפּיטאַליסט פערקערפערט אין זיך צניעות, שיינקייט, גע-ניע, ווייל איך מאַך איהם פאַר מיין אויסערוועהלטען. מענשען האַלטען זיינע נאַרישקייטען פאַר אַ שכל, זיין טענה׳ן, אַז צו זיינע גאונות דאַרף ער האָבען די וויסענשאַפט אויף כפרוה; די דיכטער ווערען בעגייסטערט פון זיין פערזאָן, און די קינסטלער הערען אויס זיינע קריטישע בעמער-קונגען שטעהענדיג אויף די קניע, ווי דעם משפט פון אַ געזעצגעבער

פֿין געשמאַק; די פֿרויען שווערען מיט כל השבועות, אַז ער איז אַ גאונישער דאָן זשואַן; די פֿילאָזאָפֿען זיינען מטהר זיינע מיאוס'ע הסרונות מיט ק"ן טעמים; די עקאָנאָמיסטען ערקלעהרען, אַז זיין אָרומגיין פוסט און פּאַס — איז די בעוועגענדע קראַפֿט פֿון כאָציאַלען לעבען.

7) אַ סטאַדע געדונגענע אַרבייטער האָרעוועט פֿאַר'ן קאַפּיטאַליסט, וועלכער עסט, טרינקט, איז זיך מתעסק מיט קירטיזאַנקעס און רוהט זיך אָב פֿון דער אַרבייט פֿון דעם מאָגען אין פֿון די עברים, וואָס ליגען אונטער'ן מאָגען.

8) דער קאַפּיטאַליסט אַרבייט ניט — ניט מיט די הענד און ניט מיט'ן קאָפּ.

9) ער האָט פּיה, זכרים און נקבות צו בעאַרבייטען די פֿעלדער, צו שמידען מעטאַלען און צו וועבען געצייג; ער האָט דירעקטאָרען מיט בעהעלפֿערס צו פֿערוואַלטען איבער די ווערקשטאַטען, און געלעהרטע — צו קלערען. דער קאַפּיטאַליסט גיט זיך אָב צו דער אַרבייט „נקיות"; ער עסט אין טרינקט כדי צו פֿאַבריצירען מיסט.

10) איך שיינק אַוועק מיינע יחידי-סגולה עשירות אויפֿ'ן גאַנצען לעבען; ווייל וואָס איז נאָך דאָ אויף דער וועלט בעסער'ס און מעהר ממשות'דיג, ווי טרינקען, עסען, הולטייסטווען און זיך משמח זיין? אַלע איבעריגע זאַכען זיינען הבל הבלים און זעלבסטפֿערדאַרבונג.

11) איך ברייניג טרייסט אין אַ צרה אין מאַך אַ ליין גרינג, כדי דאָס לעבען זאָל זיין אַנגענעהם, און כדי מיינע יחידי סגולה זאָל כדאי זיין ליבען דעם לעבען.

12) דער חוש פֿון זעהען האָט זיין אָרגאַן, די איבעריגע חושים ווי אויך די ליעבע האָבען אויך זייערע אייגענע אָרגאַנען. מיין אויסער-וועהלטען גיב איך אָב מיט אַ ברייטער האַנד אַלצדינג, וואָס עס ווי-לען זיינע אויגען, זיין מויל און די איבעריגע אָרגאַנען.

13) די צניעות האָט צווייי פּנים'ער; די צניעות פֿון קאַפּיטאַליסט בעשטעהט אין דעם, אַז ער זאָל בעפֿרידיגען זיין פֿערלאַנג; די צניעות פֿון אַרבייטער, פֿערקערט — ער זאָל זיך מסתפק במועט זיין.

14) דער קאַפּיטאַליסט נעהמט זיך צו אויף דער וועלט אַלין, וואָס איהם געפֿעלט; ער איז דער בעל הבית. אויב איהם זיינען שיין מיאוס געוואָרען פֿרויענצימער, בעניצט ער זיך מיט אינשולדיגע קליינע מייד-לעך אום אויפֿצורעגען זיין חשק צום געשלעכטליכען פֿערקהער.

15) דער קאַפּיטאַליסט — איז דאָס געזעץ. די געזעצגעבער מאַכען שולחן-ארוך'ס, וואָס זאָלען געפֿעלען ווערען זיין געשמאַק; די פֿילאָ-זאָפֿען פּאַסען צו די מאָראַל צו זיינע זיטען. זיינע האַנדלונגען זיינען

גוט און גערעכטיג. איטליכע האַנדלונג, וואָס שטערט זיינע אינטערע-סען, איז אַ פֿערברעכען, וואָס מוז בעשטראָפֿט ווערען.

16) פֿאַר די יחידי-סגולה האָב איך אָנגעגרייט אַזאַ מין גליק, וואָס די געדונגענע אַרבייטער ווייסען פֿון דעם ניט:—ארויסשלאָגען ריוח איז די העכסטע פֿרייד.— אויב מיין אויסערוועהלטער, וועלכער זאַמעלט פּראָפֿיטען, פֿערלירט זיין ווייב, זיין מאַמען, קינדער, זיין הונד, זיין עהרע, מאַכט ער דאָס ביי זיך רעכט. אָבער פֿערלירט ער די מעגליכקייט צו בעקומען ריוח, דאָס איז אַזאַ שרעקליכער אומגליק, וועלכען דער קאַפּיטאַליסט וועט קיין מאָל ניט פֿערגעסען.

## III. די פֿפליכטען פֿון קאַפּיטאַליסט.

### § 1.

1) אַ סך ווערען געלאַדען צו דער וועלט-סעודה, אָבער ווייניג האָבען די זכיה צו געניסען פֿון איהר; וואָס אַ טאָג מאַך איך אַלץ קלענער די צאָהל פֿון מיינע יחידי-סגולה.

2) איך גיב זיך אָב די קאַפּיטאַליסטען און צוטייל זיך צווישען זיי; איטליכער יחיד קריגט פֿאַר אַ מתנה אַ חלק פֿון קאַפּיטאַל, אָבער ער קאָן זיך בענוצען מיט איהם נאָר אין דעם פֿאַל, ווען ער מאַכט איהם גרעסער, ווען ער איז מקיים די מצוה פֿון פרו ורבו. דאָס קאַפּי-טאַל ווערט נעלם ביי דעם, וואָס איז עובר אויף זיין געזעץ.

3) איך האָב אויסגעקליבען דעם קאַפּיטאַליסט אויף אַרויסצושלאָ-גען מעהרווערט, זיין שליחות בעשטעהט אין אָנקלייבען פּראָפֿיטען.

4) כדי דער קאַפּיטאַל זאָל זיין פֿריי און קענען טהאָן אַלץ, וואָס ער וויל אין דער צייט, ווען ער יאָגט זיך נאָך פּראָפֿיט, צורייסט ער דעם באַנד פֿון פֿריינדשאַפֿט און ליעבע; דאָרטען, וואו עס האַנדעלט זיך מכח אַרויסקריגען פּראָפֿיט, איז פֿאַר איהם ניטאָ — ניט קיין פֿריינד, ניט קיין ברודער, ניט קיין מאַמע, ניט קיין ווייב, ניט קיין קינדער.

5) דער קאַפּיטאַליסט שטעהט העכער פֿון די אַלע ניט-נויטיגע פּאַרקאַנעס, וואָס פֿערצאַמען די פּראָסטע בשר-ודם'ס אין אַ'ן איינגען קרייז, וואָס הייסט פּאָטערלאַנד אָדער פּאַרטיי; צו ער איז אַ רוסישער אָדער א פּאָליאַק, אַ פֿראַנצויז אָדער אַ דייטש, אַ'ן ענגלענדער אָדער אַ'ן אירלענדער, אַ ווייסער אָדער אַ שוואַרצער—פֿריהער פֿון אַלץ איז ער אַ'ן עקספּלואַטאַטאָר; און נאָר אַלס צוגאָב צו זיין הויפּט-מעלה איז ער אַ מאָנאַרכיסט אָדער אַ רעפּובליקאַנער, אַ קאָנסערוואַטאָר אָדער אַ ראַדיקאַל, אַ קאַטוילישער אָדער א פֿרייזיניגער. גאָלד האָט איהר שאַטי-

רונג; אָבער דער בליאַשק פון גאָלד פערדונקעלט די איבערצייגונגען פון קאַפּיטאַליסט.

6) מיט דער זעלבער גלייכגילטיגקייט לאָזט אַרונטער דער קאַפּי־טאַליסט צו זיך אין טייסטער געלד, וואָס איז אויסגעוויקעלט אין טרערען, געלד, וואָס איז בעשפריצט מיט בלוט, און גאָלד, וואָס איז אויסגע־שמירט אין בלאָטע.

7) ער איז זיך ניט מוסר נפש צוליעב די גראָבע פּאַראַזיטיזם. ער בעשעפטיגט זיך מיט פּראָדוקציאָן ניט מיט'ן צוועק צו ליעפערען גוטע, פרישע סחורה, — זיין צוועק איז צו פּראָדוצירען אַ שטיקעל סחורה, וואָס זאָל איהם אַריינטראָגען אַ גרויסען פּערדיענסט. ער אָרגאַניזירט פינאַנץ-געזעלשאַפטען ניט מיט'ן צוועק פאַנאַנדערצוטיילען די הכנסה פון געשעפט, — זיין צוועק איז אַריינצוקריגען די קאַפּיטאַלען פון די אַקציאָ־נערען, מהמת די קליינע קאַפּיטאַלען געהערען צו די גרויסע, און איבער די גרויסע זיינען דאָ נאָך גרעסערע, וועלכע קוקען מיט אַ שאַרפען אויג כדי איינשלינגען זיי מיט דער צייט. אָט דאָס איז דער געזעץ פון קאַפּיטאַל.

8) ווען איך הייב איף אַ מענשען צום טיטעל קאַפּיטאַליסט, גיב איך איהם איבער אַ חלק פון מיין אַלמעכטיגקייט איבער מענשען און חפצים.

9) דער קאַפּיטאַליסט דאַרף זאָגען: די געזעלשאַפט — דאָס בין איך; די מאָראַל — דאָס זיינען מיין געשמאַק און מיינע תאוות; דער געזעץ — דאָס איז אַלץ, וואָס ברייננגט מיר אַ נוץ.

10) אויב עס ווערען געשעדיגט די אינטערעסען כאָטש פון אין איינציגען קאַפּיטאַליסט, האָט דערפון צו ליידען די גאַנצע געזעלשאַפט: ווייל די אוממעגליכקייט צו פערגרעסערען דעם קאַפּיטאַל איז אַ שרעק־ליכע גזרה, אַ גזרה, וואָס עס איז צו איהר גאָר קיין שום תרופה ניטאָ.

11) דער קאַפּיטאַליסט צווינגט אַנדערע צו פּראָדוצירען, אָבער ער אַליין פּראָדוצירט גאָר נישט; צווינגט אַנדערע צו אַרבייטען, און אַליין אַרבייט ער ניט: וואָס עס זאָל ניט זיין פאַר אַ'ן אַרבייט, סיי אַ גייס־טיגע, סיי אַ פיזישע, איז איהם דאָס פערבאָטען צו טהאָן, ווייל דאָס וואָלט איהם אָבגעריסען פון זיין הייליגער שליחות: אָנקלייבען פּראָ־פיטען.

12) דער קאַפּיטאַליסט ווערט ניט פערוואַנדעלט אין יענע אידעאַ־ליסטיש געזאָנגענע ווייסע חיה'לע (אַ פייעלע), וואָס דרייט אַ ראָד, וועלכע מאָלט ניט מעהר ווי ווינד.

13) איהם אַרט ניט, וואָס די הימלען דערציילען פון גאָט'ס גדולה;

ער מאַכט ניט קיינע וויסענשאַפֿטליכע אונטערזוכונגען, מיט וואָס דער קליינצינקער היישעריק פּישטשעט: מיט'ן הינטער־חלק אָדער מיט די פֿליגלען, און צו די מוראַשקע איז א קאַפּיטאַליסט? *

14) ער אינטערעסירט זיך ניט — ניט מיט'ן אָנהויב און ניט מיט'ן איסלאָז פֿון דער קערפּערליכער וועלט; ער איז אין גאַנצען פֿערנומען דערמיט, צו פֿערוואַנדלען די קערפּערליכע וועלט אין מיטלען אָנצוקלייבען פּראָפֿיטען.

15) ער לאָזט איבער פֿאַר די טעאָלאָגען פֿון דער אָפֿיציעלער פּאָליטישער עקאָנאָמיע צו ברייען אָהן אַ סוף פֿון מאָנאָמעטאַליזם און בי־מעטאַליזם; אָבער ער לייגט אַריין צו זיך אין קעשענע אי גילדענע, אי זילבערנע מטבעות; ניט אינטערעסירענדיג זיך מיט זייער וויסענשאַפֿטליכער בעדייטונג.

16) ער לאָזט איבער פֿאַר געלעהרטע — זיי טויגען דאָך ניט צו קיין אַנדער זאַך — אויסצופֿאָרשען די ערשיינונג פֿון דער נאַטור, און פֿאַר די ערפֿינדער — אָנצואווענדען צו דער אינדוסטריע די נאַטור־קרעפֿטען, אָבער ער זוכט מיט אַלע מיטלען צו ווערען אַ בעל־הבית פֿון זייערע ערפֿינדונגען די מינוט, ווי מען קאָן זיי נאָר עקספּלואַטירען.

17) ער ברעכט זיך ניט דעם קאָפּ צו געפֿינען אַ תשובה אויף דער פֿראַגע: איב די בעגריפֿען „גוט" און „שיין" זיינען די זעלבע: אָבער ער עסט מיט פֿערגניגען טריפֿעלען, וועלכע זיינען זייער געשמאַק און זעהען — זעהען זיי אויס עקעלהאַפֿטער פֿון הזיר'שע באָבקעס.

18) ער קלאַפּט בראַוואָ אויף די רעדעס מכח אויביגע וואַהרהייטען, אָבער געלד פֿערדיענט ער מיט רמאות, וואָס האָבען קורצע יאָהרען.

19) ער ספּעקולירט ניט מיט'ן תמימות פֿון צניעות, געוויסען און ליעבע; ער ספּעקולירט אָבער מיט זייער קויפֿען און פֿערקויפֿען.

20) ער לאָזט זיך ניט אַריין אין טיעפֿע חקירות — צו פֿרייהייט איז גוט „אַן אין פֿיר זיך"; ער נעהמט זיך אַוועק אַלע פֿרייהייטען און אַלע רעכטע, און פֿאַר די אַרבייטער לאָזט ער איבער מעהר ניט ווי די נעמען אַליין.

21) ער האַלט ניט פֿאַר נויטיג אַרומצורעדען די מיינונג — צו רעכט

---

* דער מחבר פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען קהלת האָט אַ פּנים אין זינען יענע עקאָנאָמיסטען באַלבעטונעס, וועלכע האַלטען, אַז דער קאַפּיטאַל איז געוועזען נאָך פֿאַר אדם הראשון, ווייל — זאָגען זיי — די מוראַשקע וואָס גרייט אָן פֿאַר זיך מזונות אין איהרע „שפּייכלערס", טהוט פּונקט אַזוי, ווי דער קאַפּיטאַליסט.

דאַרף הערישען איבער מאַכט אָדער פֿערקעהרט, ווייל ער ווייס, אַז ער האָט אַלע רעכטע, ווייל ער האָט קאַפּיטאַל.

22) ער איז ניט קיין אַנהייננער און ניט קיין געגנער פֿון אַלגע-מיינעם שטימרעכט; ער איז ניט קיין אַנהייננער און ניט קיין געגנער פֿון בעגרענצען דאָס שטימרעכט; ער נוצט אויס ביידע זאַכען: ער קויפֿט אונטער די בוררים, וואָס האַלטען פֿאַר בעגרענצען דאָס שטימרעכט, און פֿערבלענדט די אויגען די וועהלער, וואָס האַלטען פֿאַר אַלגעמיינע שטימרעכט, אויב עס קומט איהם יע אויס צו ענטשיידען, וואָס עס איז בעסער, האַלט ער פֿאַר אַלגעמיינע שטימרעכט, ווייל דאָס איז פֿאַר איהם שפּאָרעוודיגער: אין ערשטען פֿאַל איז ער געצוואונגען צו געבען שוחד אַ די וועהלער אי די אייסגעוועהלטע; אין צווייטען פֿאַל איז גענוג פֿאַר איהם אונטערצוקויפֿען נאָר די אויסגעוועהלטע.

23) ער מישט זיך ניט אַריין אין די פֿערפלאָנטערטע ויכוחים וועגען דעם, וואָס עס איז בעסער: פֿריי-האַנדעל אָדער אַ טאַריף אויף אויס-לענדישע סחורה; דאָ איז ער אַ׳ן אָנהייננער פֿון טאַריף, און דאָ איז ער ויינער אַ געגנער; אַלץ ווענדט זיך אָן דעם, ווי עס גייט זיין אייגע-נער האַנדעל און פּראָדוקציאָן.

24) ער האָט ניט קיין שום פּרינציפּען, ער האָט ניט אפילו דעם פּרינציפּ—ניט צו האָבען קיין שום פּרינציפּען.

## § 2.

25) אין מיין האַנד איז דער קאַפּיטאַליסט אַ׳ן אייזערנער שטעקען אויף צו פּאַשען די אונגעהאָרכזאַמע סטאַדע פֿון גערונגענע אַרבייטער.

26) דער קאַפּיטאַליסט דערשטיקט אין זיין האַרצען יעדען מענש-ליכען געפיהל. ער האָט קיין שום רחמנות ניט; מיט אַ צווייטען בע-געהט ער זיך גרויזאַמער, ווי מיט אַ בהמה, וואָס גייט אין שפּאַן. מענער, פֿרויען און קינדער זיינען ביי איהם בלויז אַ מיטעל אַרויסצו-זייגען פּראָפֿיטען. ער האָט פֿערשמידט זיין האַרץ אין אייזען, כדי אין דער צייט, וואָס די אויגען זיינע זעהען די צרות פֿון די אַרבייטער, און די אויערן הערען די געשרייען פֿון צאָרען און וועהטאָג, זאָל פֿערבלייבען זיין נשמה אַזוי רוהיג, אַז עס זאָל איהם קיין זאַך ניט ריהרען.

27) ווי אַ פּרעס-מאַשין לאָזט זיך אַרונטער לאַנגזאַם, אונפֿער-מיידליך, צונויפֿדריקענדיג ביז צום קלענסטען שטח דעם געגענשטאַנד, וואָס געפינט זיך אונטער איהר, און אַרויספּרעסענדיג פֿון איהם דעם גאַנצען זאַפֿט, פּונקט אַזוי טהוט דער קאַפּיטאַליסט: קוועטשענדיג און דריקענדיג דעם אַרבייטער אויף אַלערליי אופנים, קוועטשט ער אַרויס די אַרבייט, וואָס ליעגט אין יענעם׳ס פֿלייש און נערוועו, און איטליכער

טראָפּען שווייס, וואָס געהט אַרויס, פֿערוואַנדעלט זיך אין קאַפּיטאַל. ווען דער אויסגעשוואַכטער אין צובראָכענער אַרבייטער איז שוין מעהר ניט בכח, ווי פֿיעל מען זאָל איהם ניט דריקען און קוועטשען, צו גע-בען די איבער-אַרבייט, וואָס בעשאַפֿט דעם מעהר-ווערט, וואַרפֿט איהם אַרויס דער קאַפּיטאַליסט אין גאַס, ווי מען וואַרפֿט אַרויס מיסט און שאָלעכטס.

28) דער קאַפּיטאַליסט, וואָס שאַנעוועט דעם אַרבייטער, איז אַ בעל-עולה געגען זיך און געגען מיר.

29) דער קאַפּיטאַליסט קויפֿט מענער, פֿרויען און קינדער, כדי די מענשען, וואָס האָבען ניט זייער אייגענס — ניט קיין שמאַלץ און ניט קיין וואָל, און ניט קיין שום אַנדער סחורה, זאָלען וועניגסטענס קענען עפּעס פֿערקויפֿען, למשל, דעם כח פֿון זייערע מוסקולען, זייער פֿער-שטאַנד, זייער יושר. צו ווערען קאַפּיטאַל, מוז דער מענש פֿריהער פֿער-וואַנדעלט ווערען אין אַ שטיקעל סחורה.

30) איך בין — קאַפּיטאַל, דער מלכות פֿון דער וועלט, און דער קאַפּיטאַליסט איז מיין פֿערטרעטער: ביי איהם זיינען אַלע מענשען גלייך, זיי אַלע געפֿינען זיך אין די צוואַנגען פֿון זיין עקספּלואַטאַציע. דער פּראָסטער אַרבייטער, וואָס פֿערדינגט זיינע כחות, דער אינזשעניער, וואָס שלאָגט פֿאָר זיין קענטניס, דער קאַסיר, וואָס פֿערקויפֿט זיין עהרליכקייט, דער דעפּוטאַט, וואָס האַנדעלט מיט זיין געוויסען, די צו-לאָזענע מיידעל, וואָס גיט אַוועק אויף אַ צייט איהר לייב, — זיי אַלע זיינען ביי דעם קאַפּיטאַליסט אין דיענסט, זיי אַלעמען ווייגט ער אויס.

31) ער מאַכט פֿון דעם געדונגענעם אַרבייטער אַ זעלטענע בע-שעפֿעניס אָהן אַ פגימה, אָהן אַ מום: ער צווינגט איהם צו פּראָדוצירען זיין אַרבייטס-קראַפֿט און קאָרמעט איהם בשעת מעשה מיט גראָבע און געפֿעלשטע אכילות, אַלץ צוליעב דעם, אַז יענער זאָל קענען פֿער-קויפֿען זיינע כחות וואָס ביליגער; און מיט'ן זעלבען צוועק ברייגנט ער איהם דערצו, אַז ער בעקומט גרויסע מעלות: האַלט אויס לאַנגע תענותים, האָט די געדולד פֿון אַ'ן אייזעל, די פֿלייסיגקייט פֿון אַ'ן אָקס.

32) דער אַרבייטער געהערט צום קאַפּיטאַליסט: ער איז זיין אַר-בייטס-פֿיה, זיין אייגענטהום, זיין חפץ. אין ווערקשטאַט, וואו מען טאָר ניט בעמערקען ניט דעם אויפֿגאַנג פֿון דער זון, ניט דעם אָנקומען פֿון דער נאַכט, קוקען אויף'ן אַרבייטער הונדערט אויגען פֿון אַלע זייטען, כדי ער זאָל זיך ניט אַרויסדרעהען פֿון זיינע פֿליכטען מיט אַ קעהר, מיט אַ דרעה, מיט אַ וואָרט.

33) די צייט, אויף וועלכע דער אַרבייטער פֿערדינגט זיך, איז

געלד: אויב ער פֿערלירט כאָטש איין מינוט, איז ער עובר אויף גע-
באָט לא תגנב.

34) דער יאָך פֿון קאַפּיטאַליסט געהט נאָך דעם אַרבייטער ווי אַ שאָטען און לאָזט איהם ניט צורוה אפילו אין זיין תורבה, ווייל ער טאָר ניט פֿערדאַרבען זיין כּח מיט ביכער אין סאָציאַל־סטישע רעדעס, טאָר ניט אויסמאָרען זיין לייב מיט פֿערגניגענס. ווען ער פֿערלאָזט דעם ווערקשטאַט, מוז ער באַלד גיין אַהיים, אָב־עסען און זיך לייגען שלאָפֿען, כדי ער זאָל אויף מאָרגען ברייגגען דעם בעל־הבית זיין גוף אַ פֿרישען, אַ פֿלינקען און אַ שעפּסענע נשמה.

35) דער קאַפּיטאַליסט אַנערקענט ניט ביי דעם אַרבייטער קיין שום רעכט, אפילו ניט דאָס רעכט אויף שקלאַפֿעריי, ד. ה. אַ רעכט אויף אַרבייט.

36) ער רויבט אַוועק פֿון אַרבייטער זיינע גייסטיגע פֿעהיגקייטען און טעכנישע פֿלינקקייט, די אַלע זאַכען וואַנדעלט ער אום אין פּראָדוקציאָנס מיטלען, וואָס ווינען אינטערגעוואָרפֿען זיין רצון.

## VI. די תקנות פֿון געטליכער קלוגשאַפֿט.

1) דעם מאַטראָז האַלט אין סכנה דער שטורעם; דעם אַרבייטער אין די גריבער שטעהט אין אַן אויביגער געפֿאַהר פֿערשאָטען צו ווערען אויף טייט פֿון איינגעפֿאַלענע שטיקער ערד אין שטיינער אָדער דערשטיקט צו ווערען פֿון דעם גאַז אין גריב; דער אַרבייטער האָרעוועט צווישען די בעוועגליכע רעדער און רימענס פֿון אייזערנע מאַשינען; דער אַרבייטער, וואָס אַרבייט, קאָן יעדע מינוט ווערען אַן אייביגער קאַליקע אָדער גע'הרג'עט ווערען: דער קאַפּיטאַליסט—דער פּוסט און פּאַסניק—איז בעשיצט פֿון יעטווידער געפֿאַהר.

2) די אָנגעשטרענגטע פּראַצע הרג'עט אַוועק און מאַכט ניט רייך: די עשירות זאַמעלט אָן ניט דער, וואָס האָרעוועט, נאָר דער, וואָס נויט דעם צווייטען צו האָרעווען.

3) איגענטהום איז די פֿרוכט פֿון אַרבייט און דער לוין פֿאַר פֿיילקייט.

4) מען קאָן ניט אַרויסקריגען ניט ווין פֿון אַ שטיין, ניט ריוח פֿון אַ פּגר: עקספּלואַטירען — עקספּלואַטירט מען נאָר לעבעדיגע. דער תליון, וואָס הייגגט אויף דעם פֿערברעכער, נאַרט אָפּ דעם קאַפּיטאַליסט, ווייל ער נעהמט פֿון איהם אַוועק אַ בהמה, וואָס מען קאָן נאָך עקספּלואַטירען. *

---

* קהלת איז דאָ מבין דעם קאַפּיטאַליסטישען כאַראַקטער פֿון דער מלחמה פֿאַר די פֿערניכטונג פֿון טויטשטראָף, וועלכע עס האָבען געפֿיהרט

5) געלד אין אַלצדינג, וואָס ברײנגט ריוח, האָט ניט קיין שלעכ
טען ריח.
6) די מיאוסע חסרונות פֿון געלד ווערען ניט קענטיג, ווען זיי
זיינען דאָ אַ סך.
7) ווער עס האָט געלד, דאַרף ניט זיין אַ העלד.
8) טהאָן מצוות איז ניט אַלץ איינס, ווי אָבגעבען געלד אויף
פּראָצענט.
9) ווען דו געהסט שלאָפֿען, זעה דו זאָלסט בעסער האָבען אַ
רעכט צו זאָגען: „איך האָב היינט געמאַכט אַ גיט געשעפֿטעל", איידער:
„איך האָב פֿערדיענט אַ מצוה".
10) דער בעל-הבית, וואָס צווינגט די אַרבייטער אָבצוהאָרעווען
14 שעה אין מעת לעת, פֿערליערט ניט אומזיסט די שכירות, וואָס ער
בעצאָהלט.
11) שאַנעוזע ניט דעם אַרבייטער, ניט דעם גוטען און ניט דעם
שלעכטען, ווייל אַ גוט פֿערדעל ווי אַ שלעכטס קאָן זיך ניט ריהרען
פֿון אָרט אָהן אַ בייטש.
12) אויב אַ בוים ברײנגט ניט צוטראָגען גיטע פּרות, האַקט מען
איהם אויס אויף האָלץ; דעם אַרבייטער, וואָס גיט ניט זיין בעל הבית
פּראָפֿיטען, דאַרף מען פֿער-משפּט'ן צו שטאַרבען פֿון הונגער.
13) דעם אַרבייטער, וואָס בונטעוועט, קאָרמע אָן מיט בליי.
14) אַ בלעטעל פֿון מוילבערבוים דאַרף האָבען מעהר צייט פֿער-
וואַנדעלט צו ווערען אין זייד, איידער די פּראַצע פֿון דעם אַרבייטער—
אין קאַפּיטאַל.
15) גנב'נען אַ סך און אומקעהרען קנאַפּ — דאָס איז דער תוכן
פֿון צדקה-זאַכען.
16) צווינגען די אַרבייטער מיטצוהעלפֿען, עס זאָלען בעשאַפֿען
ווערען קאַפּיטאַליסטישע עשירות, הייסט מאַכען אַ קאָאָפּעראַציע.
17) זיך צונעהמען דעם פֿעטסטען חלק פֿון די פּראָדוקטען פֿון
אַרבייט — הייסט זיין אַ שותף אין געשעפֿט.
18) דער קאַפּיטאַליסט, א הייסער חסיד פֿון פֿרייהייט, האַלט ניט
פֿון נדבות, ווייל אַ נדבה לאָזט ניט דעם אַרבייטסלאָזען די פֿרייהייט
צו קראַפּירען פֿון הונגער.
19) די מענשען זיינען ניט מעהר, ווי פּראָדוקציאָנס-מיטלען אין

---

מיט אַזאַ גרויס געדודער וויקטאָר גיוגאָ מיט אַלע אַנדערע שאַר
לאַטאַנעס, כלומר'שדיגע הומאַניסטען.

פֿערברויכס-מיטלען: דער קאַפּיטאַליסט קויפֿט אָב די ערשטע און יאָגט זיך נאָך די צווייטע.

20) ביי׳ן קאַפּיטאַליסט אין מויל זיינען פֿאַראַן צוויי צינגער: איין צונג צום קויפֿען און די אַנדערע צום פֿערקויפֿען.

21) אַ צונג, וואָס זאָגט ליגען, העלפֿט דעם בייטעל צו ווערען דיק.

22) פֿיינקייט אין ־ עהרליכקייט זיינען סם המות פֿאַר געשעפֿטען.

23) בע׳גנב׳נען אַלעמען, הייסט קיינעם ניט בע׳גנב׳נען.

24) ווילסט בעווייזען, אַז דער מענש קען זיין טריי ווי אַ הונד, צייג אַרויס די דאָזיגע הינטישע טרייהייט צו זיך גופא.

25) היט זיך פֿאַר אַ׳ן אונעהרליכען מענשען, אָבער זאָלסט זיך ניט פֿערטרויען דעם עהרליכען.

26) ווען דו זאָגסט וואָס צו, בעווייזט דו דערמיט דיין רחמנית און איידעלקייט, אָבער ווען דו האַלטסט וואָרט, בעווייזט דו, אַז דו האָסט ווייניג שכל.

27) מטבעות ווערען געגאָסען מיט דעם בילד פֿון קייסער אָדער פֿון דער רעפובליק, ווייל פונקט ווי די פֿויגעל פֿון הימעל געהערען זיי צו דעם, וואָס כאַפּט זיי.

28) אַ מטבע פֿון הונדערט סו (פֿינף פֿראַנק) תויבט מען תמיד אויף, זי מעג אַפֿילו אַרונטערפֿאַלען אין אַ סמעטניק.

29) דו דרעהסט זיך דעם קאָפּ מיט אַ סך זאַכען, דו שאַפֿסט זיך איין אַ באַרג מיט דעגות, דו סטאַרעסט זיך צו זיין עהרליך, דו שטרעבסט צו קענטעניס, דו זוכסט אַ לאַגע אין דער געזעלשאַפֿט, דו קריכסט פֿון הויט צו האָבען כבוד; און איך זאָג דיר, אַז דאָס אַלץ איז הבל הבלים; נויטיג איז נאָר איין זאַך: קאַפּיטאַל און נאָך אַ מאָל קאַ-פּיטאַל.

30) יוגענד געהט אַוועק, שיינקייט ווערט אָבגעבליאַקעוועט, פֿער-שטאַנד ווערט אָבגעשוואַכט, גאָלד, נאָר גאָלד אַליין ווערט ניט בעדעקט מיט קנייטשען און ווערט ניט פֿערעלטערט.

31) געלד איז די נשמה פֿון קאַפּיטאַליסט אין די קראַפֿט, וואָס רעגט איהם אויף צו אַרבייטען.

32) דעם אמת זאָג איך אייך: עס איז חשוב׳דיגער צו זיין אַ טייסטער, געפּאַקט מיט גאָלד און באַנק-פּאַפּירען, איידער אַ מאַן, וועל-כער איז אָנגעלאָדען מיט טאַלאַנטען און גוטע מעלות מעהר ווי אַ׳ן אייזעל, וואָס פֿיהרט גרינס אויפֿ׳ן מאַרק.

33) גאונות, פֿערשטאַנד, בושה, עהרליכקייט, שיינקייט עקסיסטי-רען נאָר דערפֿאַר, ווייל מען קען זיי קויפֿען און פֿערקויפֿען אויפֿ׳ן מאַרק.

34) מידות טובות און הארעפאַסנעקייט זייגען ניצליך נאָר דעמאָלט, ווען זיי געפינען זיך ביי אַ'ן אַנדערען.

35) פאַר'ן קאַפּיטאַליסט איז ניטאָ קיין בעסערס, ווי פרעסען, זויפען און הולטאַיעווען, און דאָס וועט זיך אָברופען אויף איהם מיט אַ בעזאָנדערס זויערען טעם, בעת ער וועט האַלטען ביי דער גסיסה.

36) ביז וואַנען דער קאַפּיטאַליסט זיצט צווישען מענשען, וואָס די זון לייכט און וואַרעמט זיי, דאַרף ער זיך בענוצען מיט אַלץ, און לעבען אַ טאָג, ווייל קיין מענש לעבט ניט צוויי מאָל און קיינער וועט ניט אויסמיידען די עקעלהאַפּטע עלטער, וועלכע דריקט צונויף דעם מענשען די קאָפּ און שטופּט איהם אין קבר אַריין.

37) דיינע גוטע מדות וועלען דיר ניט בעגלייטען אין קבר, צו וועלכען דו דערנעהענטערסט זיך; דו וועסט דאָרטען געפינען ניט מעהר, ווי ווערים.

38) אַלצדינג, וואָס האָט ניט צוטהאָן מיט'ן פולען בויך און מיט אַ גוטען מאָגען, מיט די שטאַרקע, גוט בעפרידיגטע תאוות— איז הבל הבלים און היילע משוגעת.

## V. דאָס העכסטע וואָרט.

1) איך בין— קאַפּיטאַל, דער קעניג פון דער וועלט.

2) מיין קאָנוואָי בעשטעהט פון ליגען, קנאה, קאַרגקייט, רכלות און מאָרד. אין דער פאַמיליע טראָג איך אַריין מחלקת, און אין דער שטאָט — אַ שטענדיגען קאַמפּף. וואו איך געה ניט דורך, פערזיי איך אומעטום האַס, פערצווייפלונג, אָרעמקייט, קראַנקהייטען און טויט.

3) איך בין אַ גאָט, וואָס ווייס פון קיין שום רחמנות ניט; איך פיהל מיך גוט צווישען מחלקת און יסורים. איך פייניג די אַרבייטער און האָב ניט מיטלייד צו די קאַפּיטאַליסטען, מיינע אויסערוועהלטע.

4) דער אַרבייטער קאָן זיך בשום אופן ניט אַרויסדרעהען פון מיינע הענד: אויב ער וויל פון מיר אַנטלויפען און שטייגט אַריבער איבער בערג, געפינט ער מיך אויף יענער זייט באַרג; אויב ער פאָהרט אַריבער איבער ים'ען, וואַרט איך שוין אויף איהם איפ'ן ברעג ים, וואו ער שטעהט צו. דער אַרבייטער איז מיין געפאַנגענער און די ערד איז זיין געפענגניס.

5) איך גיב די קאַפּיטאַליסטען פון פולער האַנד עשירות—שווערע, אידיאָטי'שע און פול מיט פלוצליכע איבערקעהרעניסען. מיינע יחידי סגולה מאַך איך אויס מענש אי קערפּערליך, אי גייסטיג; זייער ראָסע שטאַרבט אויס אָהן כח און אָהן שכל.

6) איך בעשיינק דעם קאַפּיטאַליסט מיט אַלץ, וואָס מען קאָן נאָך פֿערלאַנגען, און איך נעהם צו פֿון זיי איטליכען פֿערלאַנג. איך שטעל פֿאַנאַנדער ביי זיי אויפֿ׳ן טיש פֿון כל טוב און נעהם צו ביי זיי דעם אַפּעטיט צום עסען. איך בעפֿויל זייער בעט מיט יונגע פֿרויען, וועלכע זיינען גענים אין לאַסקעס, און מאַך טעמפּיג זייערע תאוות. אַלץ אויף דער וועלט זעהט אויס אין זייערע אויגען געשמאַקלאָז, פּריקרע און מיעד-מאַכענדיג: זיי גענעצען דעם גאַנצען לעבען; זיי טענה׳ן, אַז זיי וואָלטען וועלען ניט לעבען, און דערמאָנט זיי פֿון טויט, ווערען ביי זיי אָבגענומען פֿון שרעק הענד און פֿיס.

7) ווען מיר ווילט זיך, צומאָל איך מיינע יחידי סגולה, און דעם מענשען׳ס שכל איז ניט בכח צו פֿערשטעהען די אורזאַכען פֿון מיין האַנדלונג: איך וואַרף זיי אַריין אין דלות, און דעם גיהנם, וואו עס ליגען די אַרבייטער.

8) די קאַפּיטאַליסטען זיינען מיינע מאַשינען. איך בעניין זיך מיט זיי, ווי מיט אַ טויזענד-יאָהריגען בייטש צו שמייסען די נאַרישע סטאַדע פֿון געדונגענע אַרבייטער. איך האָב אַרויסגעדרוקט מיינע איסערוועהלטע אין די ערשטע שורות פֿון דער געזעלשאַפֿט און איך פֿעראַכט זיי.

9) איך בין דער גאָט, וועלכער פֿיהרט די מענשען נאָך זיין רצון און פֿערדרינקעלט זייער פֿערשטאַנד.

10) דער דיכטער פֿון די אַלטע גריעכען האָט נביאות געזאָגט אויף דער צייט פֿון קאַפּיטאַליזם: „איצט איז שלעכטס צומישט מיט גוטס; אָבער מיט דער צייט וועט ניט זין קיין פֿאַמיליען-פֿע־באַנד, ניט קיין יושר, ניט קיין גבורות. אַ נ ד אָ ס און נ ע מ ע ז י ס וועלען זיך אַרויפֿטראָגען אויפֿ׳ן הימעל, און שלעכטס וועט הערשען מיט איהר גאַנצער מאַכט".

די צייט, אויף וועלכער דער דיכטער האָט נביאות געזאָגט, איז געקומען: מענשען פֿרעסען איינער דעם אַנדערען ווי די אינגעהויערע בעשעפֿעניסען פֿון ים, וואָס ווערען קיין מאָל ניט זאַט, און די בלוט-דורשטיגע ווילדע חיות פֿון וואַלד.

11) איך לאַך זיך אויס פֿון דער מעשליכער קלוגשאַפֿט.

„אַרבייט, און דו וועסט ניט הונגער׳ן; אַרבייט, און דיין שייער וועט זיין פֿיל מיט האָב און גוטס", האָט מען געזאָגט אין די אַלטע צייטען.

איך זאָג:

„אַרבייט, און אָרעמקייט מיט יסורים וועלען דיר נאָכגעהען אויף יעדען טריט; אַרבייט, און דיין גאַנצע ביסעל אָרעמקייט וועסט דו מוזען פֿער׳משכנ׳נען.

12) איך בין דער גאָט, וואָס מאַכט חרוב מלוכות; אונטער מיין יאָך, וואָס מאַכט אַלעמען גלייך, מאַך איך אונטערטהעניג די בעלי-גאווה; איך מעק-אָב די עזות׳דיגע און עגאָאיסטישע פערזענליכקייט פון דעם בשר ודם; איך גרייט צו די נארישע מענשהייט צו דער מלוכה פון גלייכהייט. איך שפאַן איין אין איין וואָגען די אַרבייטער און די קאַפּיטאַליסטען צוזאַמען; איך פעראייניג זיי כדי זיי זאָלען בעשאַפען אַ קאָמונסטישע פאָרמע פון דער צוקינפטיגער געזעלשאַפט.

13) מענשען האָבען אַראָבגעשליידערט פון הימעל די געטער בראַהמאַ, יופּיטער, יהוה, יעזוס, אַללאַך; אָבער איך נעהם זיך דאָס לעבען מיט די אייגענע הענד.

14) ווען קאָמוניזם וועט ווערען אַ געזעץ פון דער געזעל-שאַפט, וועט זיך דענאַלט ענדיגען די ממשלה פון קאַפּיטאַל, דעם גאָט, וואָס שטעלט פאַר אין זיין פערזאָן די דורות פון די פערגאַנגענע און פון די געגענוועַרטיגע ציטען. קאַפּיטאַל וועט שוין מעהר ניט הערשען איבער דער וועלט: ער וועט זיין אונטערטהעניג דעם האָראָ-פאַשניק, וועמען ער האָסט איצט. דער מענש וועט אויפהערען צו פאַלען אויף די קניע פאַר דער אַרבייט פון זיינע אייגענע הענד אין אייגענעם מוח; ער וועט זיך איסגלייכען אויף די פיס אין זיין גאַנצען וואוקס אין אויף דער נאַטור וועט ער אָנהויבען צו קוקען ווי אַ בעל-הבית.

15) קאַפּיטאַל וועט זיין דער לעצטער פון אַלע געטער.

# V. קאַפּיטאַליסטישע תּפלות.

## I. אַ תּפלה זכה.

אבינו מלכנו, אונזער פאָטער און קעניג קאַפּיטאַל, וואָס דו ביסט אויף דער ערד. גאָט אַלמעכטיגער, וואָס דו בייטסט אום דעם פליסען פון די טייכען אין שניידסט דורך די בערג, טיילסט פאַנאַנדער די יבשות אין פעראייניגסט די פעלקער; דער בעשאַפער פון סחורות אין געבער פון לעבען, וואָס דו האָסט די הערשאַפט איבער מלכים און אונטערטהעניגע, איבער בעלי-בתים און אַרבייטער, קומען זאָל דיין ממשלה אויף דער ערד.

גיב אונז אַ סך קונים, וועלכע זאָלען נעהמען אונזערע סחורות, ווי די גוטע אַזוי אויך די שלעכטע.

גיב אונז אומגליקליכע האָראָפּאַשניקעס, וועלכע זאָלען מרוצה ווערען צו טהאָן איטליכע ארבייט אָהן אַ פּיפּס פון פּראָטעסט און זאָלען זיין צופרידען מיט דעם קלענסטען פערדיענסט.

גיב אונז גבירים, וועלכע לעבען אָהן וואָרג, זיי זאָלען גלויבען אין אונזערע רעקלאַמעס.

מאַך אַזוי, דאָס אונזערע בעלי-חובות זאָלען אונז איינצאָהלען די חובות ווייערע ביז איין גראָשען און אין באַנק זאָל מען דיסקאָנטירען אונזערע וועקסלען.

מאַך אַזוי, דאָס עס זאָלען פאַר אונז ניט געעפענט ווערען די טהירען פון טורמע און לייז אונז אויס פון אַ באַנקראָט.

שיק אונז צו הכנסה אויף דורי דורות, אמן סלה.

## II. אני מאַמין.

אני מאמין באמונה שלמה, איך גלויב אין קאַפּיטאַל, וואָס הערשט איבער אַלץ, וואָס מען קאָן זעהען און וואָס מען קאָן ניט זעהען.

איך גלויב אין ריוח, דעם געזעצליכען זוהן פון קאפּיטאַל, און אין קרעדיט, דעם רוח הקדש, וואָס גייט אַרויס פון דעם הייליגען זוהן און ווערט מיט איהם צוזאַמען פערגעטערט.

איך גלויב אין גאָלד און זילבער, וואָס נאָך דעם ווי זיי שטעהען אויס אַלע יסורים אין דער מלוכה׳שער פאַבריק פון געלד, ווי זיי ווערען צושמאָלצען אין קעסעל און אויסגעגאָסען אין מטבעות, ערשיינען זיי אויף גאָט׳ס וועלטעל ווי געזעצליכע קלינגערס, און וואָס נאָך דעם, ווי זיי האָבען געמאַכט אַ נסיעה איבער דער גאַנצער ערד און געוואָרען דורך דעם צו שווער, בעט מען זיי מחילה אין די קעלערס פון באַנק, כדי עס זאָלען אויפשטעהען תחית המתים פאַפּירענע געלד.

איך גלויב אין פינפפּראָצענטיגע באַנק-פאַפּירען, אויך גלויב איך אין פיער- און דרייפּראָצענטיגע פאַפּירען, און אין דעם ריכטיגען קורס פון ווערט-פאַפּירען.

איך גלויב אין דעם בוך, וואו עס זיינען פערשריבען די חובות פון דער מלוכה, אין דעם בוך, וואָס פערהיט קאַפּיטאַל פון דער רייזע אין האַנדעל, אין אינדוסטריע און אין הלואות.

איך גלויב אין פריוואַט-אייגענטהום, די פרוכט פון פרעמדע פראַצע, און אין איהר עקסיסטענץ לדורי דורות.

איך גלויב אין די נויטווענדיגקייט פון דלות, וועלכער שאַפט גע-דונגענע אַרבייטער און וועלכער איז דער טאַטע פון האָרעוואַניע איבער די כחות.

איך גלויב אין די אויביגקייט פון געדונגענער אַרבייט, וואָס בע-פרייט דעם אַרבייטער פון די דעגות וועגען אייגענטהום.

איך גלויב אין די פערלייגערונג פון ארבייטס-טאָג און אין די פער

קירצונג פֿון אַרבייטס-לוין, אויך אין די פֿעלשונג פֿון פּראָדוקטען.

איך גלויב אין דעם הייליגען געבאָט: קויף ביליגער און פֿערקויף טייערער; און אויך גלויב איך אין די אויביגע פּרינצי-פּען פֿון אונזער הייליגסטער אמונה, דער אָפֿיציעלער פּאָליטישער עקאָ-נאָמיע, אמן סלה.

## III. גאָט'ס מאַמע, הייליגע בתולה, פֿרעה זיך.

(פֿרעה זיך, דלות).

פֿרעה זיך, דלות, וואָס דו שטעלסט בדיל הדל און מאַכסט אונטער-טהעניג דעם אַרבייטער, וואָס דו שרומפּסט איין זיינע געדערים פֿון הונ-גער, וואָס דו ווערסט קיין מאָל ניט מיעד צו פּייניגען, צווינגסט איהם צו פֿערקויפֿען זיין פֿרייהייט און זיין לעבען פֿאַר אַ שטיקעל ברויט; וואָס דו צוברעכסט דעם גייסט פֿין פּראָטעסט, לייגסט אַרויף אויפֿ'ן פּראָדוצענט, אויף זיין ווייב און קינדער דעם שרעקליכען יאָך פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער קאַטאָרגע, פֿרעה זיך, דלות, און געלויבט זאָל זיין דיין נאָמען,

דו, הייליגסטע בתולה, וואָס פֿון דיר איז געבאָרען געוואָרען פֿאַר די קאַפּיטאַליסטען דער ריוח, דו, צאָרענדיגע געטין, וואָס דו האָסט געמאַכט פֿון אונז אַ פֿעראַכטעטען קלאַס פֿון פֿערדונגענע שקלאַפֿען, געבענשט זאָלסט דו זיין,

צערטליכע מוטער, וואָס דו ביסט רייך מיט איבער-אַרבייט, וואָס דו לאָזט אַרויס אויף דער וועלט ריוחים, פֿערבלייב מיט אונז און מיט אונזערע מקורבים, אמן סלה.

## IV. די פֿערגעטערונג פֿון גאָלד.

גאָלד, די וואונדערליכע סחורה, וואָס טראָגט אין זיך אַלע אַנדערע סחורות,

גאָלד, די סחורה פֿון אַלע סחורות, אין וועלכע עס פֿערוואַנדעלט זיך איטליכע סחורה,

גאָט, וועלכער קאָן אַלץ אויסמעסטען,

דו, די פֿערפֿאָלקאָמסטע, די סאַמע אידעאַליסטישע פֿערקערפּערונג פֿון גאָט-קאַפּיטאַל,

— דו, דער איידעלסטער, דער פּרעכטיגסטער פֿון די יסודות פֿון דער נאַטור,

דו ווייסט ניט פֿון שימעל און ניט פֿון ראָסט, ווערסט פֿון קיין זאַך ניט קאַליע;

גאָלד, אינפֿערענדליכע סחורה, פֿלאַם-פֿייערדיגע בלום, העל-ליכטענדער שטראַהל, פֿערבלענדענדע זון; מעטאַל, וואָס איז אייביג יונג, וואָס מען האָט דיך אַרויסגעקראָגען פֿון דער טיעפֿענעס פֿון דער ערד; די מאַמע פֿון אַלע חפצים נאָך אין די אַמאָליגע יאָהרען, ווער ווידער פֿערשוואונדען, געה אַוועק פֿון דעם שיין פֿון דער זון, אין די געלד-קאַסטענס פֿון די פּראָצענטניקעס און אין די קעלערס פֿון באַנק; דאָרטען, פֿערדרוקט אין אַ ווינקעל, ליגסט דו ווי אַ באַרג אין גיבסט איבער דעם צרה'דיגען פּאַפּירעל דיין מאַכט, וואָס זי, די פּאַפּירעל, פֿערגרעסערט אין צווייען און אין צעהנען;

גאָלד, וואָס ריהרט זיך אַליין ניט פֿון אָרט פֿון פֿוילקייט און ברייננט אין בעוועגונג די גאַנצע וועלט, מיליאָנען מענשען פֿון דורי דורות פֿאַלען אויף די קניע און עניוות פֿאַר דיין גרויסקייט, וואָס פֿערבלענדט די אויגען.

שיק אַ נטער דיין געטליכע שכינה אויף די, וואָס גלויבען אין דיר, וואָס זיינען מתפלל צו דיר, וואָס זיינען קאַפּאַבעל צו ברייננען פֿאַר אַ קרבן — נאָר דיך צו האָבען — דאָס עהרען-געפֿיהל און דעם געוויסען, דעם כבוד פֿון לייטען און די ליעבע פֿון דער פֿרוי, און פֿון די אייגענע קינדער, אויף די, וואָס ווערען אפילו ניט אָבגעשרעקט פֿון זעלבסט-פֿערניכטונג.

⁂

גאָלד, איבערשטער הערר, וועלכער ווערט קיין מאָל ניט בעזיעגט און איז דער זיעגער איבער אַלין, דערהער אונזער געבעט;
דו, בזיער פֿון שטעט און פֿערניכטער פֿון מלוכות;
דו, פֿלאַר-שטערען פֿון זיטליכקייט;
דו, וואָס דו האַלטסט די וואָגשאָל פֿון יושר.
דו, וואָס דו שרייבסט פֿאַר די פֿעלקער געזעצען און שפּאַנסט איין אין דיין יאָך די רוימישע מאַטעס און די קיסרים, דערהער אונזער געבעט;

דו, וואָס דו לערענסט אויס דעם תלמיד חכם ווי צו פֿעלשען די וויסענשאַפֿט, וואָס די קענסט איבערצייגען די מאַמען צו פֿערקויפֿען די אונשולד פֿון איהר טאָכטער און צווינגען דעם פֿרייען מענשען אָנצונעהמען די שקלאַפֿעריי פֿון פֿערדונגענער אַרבייט, דערהער אונזער געבעט;

דו, וואָס דו קויפסט אָב די משפטים פֿון דעם ריכטער און די שטימען פֿון דעם דעפּוטאַט, דערהער אונזער געבעט.

דו, וואָס דו פּראָדוצירסט בלומען און פּרות, וואָס די נאַטור וויים פֿון זיי ניט;

וואָס דו פֿערזייסט שלעכטע מדות און גוטע מדות;

וואָס דו ברייננסט אַרויס אַלערליי קונסטען און לוקסוס, דערהער אונזער געבעט;

דו, וואָס דו פֿערלענגערסט דאָס אומנוצליך לעבען פֿון פּוסט-און-פּאַסניק און פֿערקירצט די טעג פֿון האָראָפּאַשניק, דערהער אונזער געבעט;

דו, וואָס דו שמייכעלסט צום קאַפּיטאַליסט, ווען ער ליגט נאָך אין וויגעלע, און פּלאָגסט דעם פּראָלעטאַריער, ווען ער איז נאָך אין דער מאַמע׳ס בויך, דערהער אונזער געבעט;



גאָלד, וואָס דו ווערסט קיין מאָל ניט מיעד אַרומצוזויזען, וואָס דו האָסט האָלט צו שווינדלען און צו בערייזען, הער אויס דעם קול פֿון אונזער תפלה;

טאָלמאַטש פֿון אַלע לשונות,

דורכגעריבענער סרסור,

בעל-נסיון, וואָס מען קאָן זיך פֿון דיר ניט אָבטשעפּען,

מאָס פֿין מענשען און זאַכען, הער אויס דעם קול פֿון אונזער תפלה.

שליח פֿון שלום און דער ממונה אויף מחלקת,

פֿאַנאַנדערטיילער פֿון רוה-צייט און איבער-אַרבייט,

דו, וואָס דו שטופּסט אַרויף דעם מענשען אויפֿ׳ן וועג פֿון גוטע מדות און פֿין אויסגעלאַסענהייט, הער אויס דעם קול פֿ׳ן אונזער תפלה.

גאָט פֿון איבערצייגונג, וואָס עס הערען דיך טויבע, וואָס צוליעב דיר עפֿענען זיך אַ מויל שטומע, הער אויס דעם קול פֿון אונזער תפלה.

גאָרד, וואָס מען לאָזט אויס צו דיר די תוכחה און וואָס מען בעט צו דיר אין אַלע תפלות, וואָס עס גיבען דיר אָב כבוד קאַפּיטאַליסטען און קורטיזאַנקעס—הער אויס דעם קול פֿון אונזער תפלה.

פֿאַנאַנדערגעבער פֿון גוטס און יסורים,

אומגליק און פֿרייד פֿון די מענשען,

רופא פֿון קראַנקהייטען און טרייסטער פֿון שווערע הערצער, הער אויס דעם קול פֿון אונזער תפלה.

דו, וואָסט דו האָסט פֿער׳כשופֿ׳ט די וועלט און אַראָבגעפֿיהרט פֿון וועג דעם מענשען׳ס געדאַנק,

דו, וואָס דו מאַכסט שיין אַ מנובל און אַ אומגעלומפּערטען,

טרעגער פֿון כבוד פֿון דער גאַנצער וועלט, וואָס דו רופֿסט אַרויס אַכטונג צו אַלצדינג, וואָס האָט קיין בושה און קיין הרפה ניט, און מאַכסט מחושב׳דיג גנבה און קורטיזאַנקעס, הער אויס דעם קול פֿון אונזער תפלה.

דו, וואָס דו בעדעקסט אַ פֿייגלינג מיט פֿערעהרונג, וואָס עס קומט דעם כוואַט;

וואָס דו רינגעלסט אַרום אַ פאַסקודנע מיאוסקייט מיט פֿערגעטערונג, וואָס עס קומט דער שיינקייט;

וואָס דו שיינקסט דעם אַלטען ליעבע, וואָס עס קומט דעם יונגען; פֿערביסענער מכשף, הער אויס דעם קול פֿון אונזער תפלה.

טייוועל, וואָס רופֿט אַרויס מאָרד און משוגעת, הער אויס דעם קול פֿון אונזער תפלה.

פֿאַקעל, וואָס בעלייכט די וועגען פֿון לעבען,

פֿיהרער, בעשיצער און רעטער פֿון קאַפּיטאַליסטען, הער אויס דעם קול פֿון אונזער תפלה.



גאָלד, מלך הכבוד, די זון פֿון גערעכטיגקייט;

גאָלד, פֿעסטינג און פֿרייד פֿון לעבען, דו פֿיעל-בעריהמטעס גאָלד, געה אַרונטער צו אונז.

גאָלד, זיסקייט פֿון די קאַפּיטאַליסטען און מרור פֿון די אַרבייטער, געה אַרונטער צו אונז.

שפּיגעל פֿון תענוגים.

דו, וואָסט דו גיבסט אַוועק דעם ליידיג-געהער די פֿרוכט פֿון אַרבייט, געה אַרונטער צו אונז.

דו, וואָס דו פֿילסט אָן די קעלערס און שייערס פֿון די, וועלכע גראָבען ניט קיין ערד, שניידען ניט אַרום די צווייגען פֿון וויינגאָרטען; פֿון די, וועלכע אַקערען ניט, שניידען ניט די זאַנגען, געה אַרונטער צו אונז.

דו. וואָס דו קאָרמעכסט מיט פֿלייש און פֿיש די, וועלכע פאַשען

ניט קיין פיה, שרעקען זיך ניט פֿאַר׳ן שטורעמווינד פֿון ים, געה אַרונטער צו אונז.

דו, וואָס דו ביסט די מאַכט, און די קענטעניס, און דער פֿערשטאַנד פֿון די קאַפּיטאַליסטען, געה אַרונטער צו אונז.

דו, וואָס דו ביסט די צדקניות און כבוד, די שיינקייט און עהרע פֿון די קאַפּיטאַליסטען, געה אַונטער צו אונז.

אָה, געה ארונטער צו אונז, פֿערפֿיהרערישעס גאָלד, העכסטע האָפֿנונג, אָנהויב און אויסלאָז פֿון איטליכער קאַפּיטאַליסטישער האַנד-לונג, געדאַנק און געפֿיהל. אמן סלה.

## VI. די קינות פון דעם קאפיטאליסט איוב ראטשילד.

קאַפּיטאַל, גאָט מיינער און העדר מיינער, פֿאַר וואָס האָסטו מיך פֿערלאָזען? מיט וואָס האָב איך געזינדיגט, וואָס דו האָסט מיך אַרונטערגעשליידערט פֿון דעם טהורעם פֿון אייגענטהום און שטיקסט מיך מיט דער שווערקייט פֿון אַ שרעקליכען דלות?

צו האָב איך דען ניט געלעבט, ווי דו האָסט געבאָטען? מיינע מעשים זיינען דען ניט געווען גערעכטיג און געזעצליך? קאָנסט מיר דען אויפֿוואַרפֿען, אַז איך האָב ווען ניט איז איינגעטונקט אַ פֿינגער אין קאַלטע וואַסער? איך האָב זיך דען ניט געבאָדען אין אַלע וואָהלטאָגען, וואָס מיינע מיליאָנען און מיינע געפֿיהלען האָבען מיר ערלויבט? איך האָב דען ניט געצוואונגען צו אַרבייטען טאָג און נאַכט מענער, פֿרויען און קינדער, ביז וואַנען זיי זיינען געבליבען אָהן כחות? איך האָב זיי דען ניט געצאָהלט קיין קבצנישע שכירות? און האָט זיך דען כאָטש איין מאָל אין לעבען אַ צאַפּעל געטאָהן מיין האַרץ פון רחמנות, ווען איך האָב אָנגעקוקט דעם דלות און די פֿערצווייפֿלונג פֿון מיינע אַרבייטער?

קאַפּיטאַל, גאָט מיינער, איך האָב געפֿעלשט די סחורה, וואָס איך האָב פֿערקויפֿט, ניט זאָרגענדיג דערפֿאַר, אַז איך פֿער׳סם דערמיט די פֿאַרברויכער; איך האָב געשונדען די הויט פֿון די לייכטזיניגע נגידים, וועלכע האָבען געגלויבט מיינע רעקלאַמעס.

איך האָב געלעבט מיט׳ן איינציגען צוועק צו האָבען אַ גוטען טאָג אין וועדען רייך; און די האָסט געבענשט מיינע דרכים, וואו עס איז קיין שום פגימה ניט געווען, און מיין לעבען, וואָס מען האָט זיך גע-קענט פֿון איהם אַ מוסר אַראָבנעהמען; דו האָסט מיר געשאָנקען פֿרויען, קינדער, פֿערד, דינסטען, פֿערגניגענס פֿאַר׳ן גוף, און האָסט אָנגעזעטיגט מיין גאוה.

און אָט האָב איך אַלץ אָנגעוואָרען, אַל׳ץ ביז איין ברעקעלע, און בין געוואָרען אַ שלעפער.

מיינע קאָנקורענטען זיינען מלא שמחה, וואָס איך בין רואינירט געוואָרען, און מיינע גוטע ברידער קעהרען אָב דעם קאָפּ, ווען זיי בעגעגענען זיך מיט מיר; זיי ווילען מיר אפילו ניט געבען קיין עצה, וואָס טויגען איך בפּרות, זיי וואַרפען מיר אפילו קיין זאַך ניט אויף: קלומר׳שט זיי קענען מיך נישט. מיינע געליעבטע פאָהרען אַרום אין קאַרעטעס, געקויפט אויף מיין געלד, און פערשפריצען מיך מיט בלאָטע.

דער דלות האַלט מיך אין זיינע צוואַנגען, האָט מיך אַרומגעמויערט מיט ווענד ווי אין אַ געפענגניס און מיך אָבגעטיילט פון די איבעריגע מענשען. איך בין עלענד, און חשך איז אין מיר און אַרום מיר.

מיין ווייב האָט ניט קיין געלד, מיט וואָס זיך צו שמירען און פאַרבען די באַקען, און איך זעה איצט, ס׳אַראַ גרויסע מיאוסקייט זי איז, מיין זהן, וועלכער איז ערצויגען געוואָרען אַרומצוגעהן פוסט און-פּאַס, פערשטעהט ניט אפילו, ווי טיעף מיין אומגליק איז — אַזאַ פּרא אדם איז דאָס! מיין טאָכטער פערגיסט טייבענווייז טרעהרען, און די האַרין רייסט איהר אויס, וואָס זי האָט פריהער ניט חתונה געהאַט.

אָבער וואָס האָט פאַר אַ פּנים דער קלאָגען פון מיין ווייב און קינדער אין פערגלייך מיט מיין צרה? דאָרטען, וואו איך האָב געהערשט ווי אַ מלך, גיט מען מיר איצט האַלו אין אַקען, ווען איך קום בעטען אַ שטעל.

מיין חורבה איז בלאָטיג, ניט אויפגעקליבען, פול מיט מיסט: מיין לייב, וואָס איז צובראָכען, צושטאָכען און צוקראָבען—פון דעם האַרטען בעט, פון די וואַנצען און די איבעריגע קליינע חיה, געפינט ניט קיין רוה; מיין מח וויים ניט פון קיין שלאָף, וואָס מאַכט פערגעסען די צרות.

אוי, ווי גליקליך עס זיינען אָט אָ די שלעפער, וועלכע האָבען אין זייער לעבען גאָר ניט געוואוסט אַ חוץ אָרעמקייט און שמוץ. זיי פערשטעהען ניט דעם טעם פון גוטען, איידעלע זאַכען, זיי האָבען אַ פערגרעבטע הויט און אָבגעטעמפטע חושים, און עס קערט זיי קיין מאָל ניט די גאַל.

פאַר וואָס האָסטו מיך געלאָזט פערזוכען דעם טעם פון גליק און דערנאָך האָסטו מיר איבערגעלאָזען ניט מעהר ווי אַ׳ן אָנדיינקונג, וואָס ברענט דעם מח נאָך מער ווי אַ חוב, וואָס מען מאַכט ביים שפּיעלען אין קאָרטען?

אוי, גאָט, כאַ׳לט איך בעסער געבאָרען געוואָרען אין דלות, איידער איך זאָל אויסוואַקסען אין עשירות און איצט פוילען אין דלות.

צו וואָס קאָן איך זיך נעהמען אויף צו פֿערריענען אויף מיין קלאָגע-דיגע חיונה?

מיינע הענד, וועלכע האָבען נור געטראָגען רינגען און געציילט באַנק-פּאַפּירען, קענען ניט האַלטען קיין געצייג. מיין מאַרך, וואָס האָט בלויז געזוכט מיטלען ווי אַזוי אַרויסצודרעהען זיך פֿון אַרבייט, ווי אַזוי אויסצורוהען זיך פֿון די שטענדיגע תענוגים, ווי אַזוי צו פֿערברייגגען אָהן לאַנגוויליגקייט די ליידיגע טעג, אָט דער מאַרך קאָן מיר ניט שאַפֿען די נויטיגע איינפֿערקזאַמקייט, מיט וועלכער מען דאַרף שרייבען אותיות אין צוזאַמשטעלען חשבונות.

אָבער ווי קאָן דאָס זיין, גאָט, אַז דו זאָלסט מיט אַזאַ אכזריות בעשטראָפֿען אַ מענשען, וועלכער איז קיין מאָל ניט עיבר געווען אַויף דיין געבאָט?

גרויזאַם איז דאָס, אומגערעכט, אונמאָראַליש, וואָס איך האָב פֿערלאָרען דעם גוטס, וואָס איז אָנגעקליבען געוואָרען דורך שווערע פּראַצע פֿון אַנדערע.

די קאַפּיטאַליסטען, מיינע גענאָסען, זעהענדיג מיין אונגליק, וועלען פֿון איצט-מאָל אָן וויסען, אַז דיינע חסדים זיינען ניט אויביג, אַז דו טיילסט זיי פֿאַנאַנדער גלאַט אין דער וועלט אַריין און נעהמסט זיי אַוועק אָהן אַ שום טעם.

ווער וועט וועלען גלויבען אין דיר?

וועלכער קאַפּיטאַליסט וועט זיין אַזאַ תקיף ביי זיך, וועט האָבען אַזוי ווייניג שכל, אַז ער זאָל אָננעהמען דיין געבאָט, ס'הייסט זיך אָב-געבען צו פֿויליקייט און צו אַלע מיני פֿערגניגענס, בעת די צוקינפֿט איז אַזוי ניט זיכער, אַזוי מורא'דיג, בעת איין לייכטער בלאָז פֿון אַ ווינטעל אויף דער בערזע איז ביכולת אומצוואַרפֿען די סאַמע פֿער-זיכערטע פֿערמעגענס, בעת קיין זאַך שטעהט ניט שטייף אויף די פֿיס, בעת דער היינטיגער גביר קען מאָרגעדיגען טאָג אַוועקגעהן מיט דער טאָרבע?

די מענשען וועלען דיך פֿערשילטען, גאָט-קאַפּיטאַל, זעהענדיג מיין שפלות; זיי וועלען נעהמען לייקענען דיין מאַכט, ווען זיי וועלען אויסרעכענען, ווי טיעף איך בין געפֿאַלען, זיי וועלען זיך אָבזאָגען פֿון דיינע חסדים.

פֿון דיין כבוד וועגען, ברייגג מיך ווידער אין מיין פֿריהעריגע לאַגע, נעהם אַראָב פֿון מיר די פֿעראַכטונג, ווייל מיין האַרץ איז אָנגעפֿילט מיט גאַל און האַס, און קללות רייסען זיך ביי מיר פֿון מויל.

גאָט אָהן אַ האַרץ, אָהן אויגען, אָהן פֿערשטאַנד, היט זיך, אַז ביי די רייכע זאָלען סוף כל סוף ניט עפֿענען זיך די אויגען און זיי

זאָלען ניט דערזעהן אַז זיי זיינען פֿערנאַרעשט און געהען אַרום ביים ברעג פֿון אַ'ן אָבגרונד; ציטערען דאַרפֿסט דו, זיי זאָלען דיך אַהין ניט אַריינוואַרפֿען צו פֿערשיטען דעם אָבגרונד מיט דיין קערפער, זיי זאָלען ניט צושטעהען צו די קאָמוניסטען, כדי דיך צו פֿערניכטען.

אוי, ווי איך זינדיג מיט מיין צונג! גאָט אַלמעכטיגער, פֿערגיב מיר די דאָזיגע אונפֿאָרזיכטיגע רייד פֿון אַ רשע.

דו ביסט דער הערשער, דו טיילסט פֿאַנאַנדער גנאָדען צווישען די, וואָס האָבען זיי ניט פֿערדיענט, און נעהמסט צו פֿון זיי, הגם זיי האָבען זיך מיט קיין זאַך ניט פֿערזינדיגט פֿאַר דיר; טהו וואָס דו ווילסט, ווייל דו ווייסט, וואָס דו טהוסט.

דו דריקסט מיך פֿון מיין אייגענער טובה וועגען, דו שטראָפֿסט מיך, עס זאָל אַרויס פֿאַר מיר גיפֿא אַ נוץ.

דו, גאָט פֿון ליעבע און צערטליכקייט, קעהר מיר אום דיינע חסדים. דו ביסט יושר, און אויב דו האָסט אויף מיר אויסגעגאָסען דיין גרימצאָרען, מסתמא האָב איך געזינדיגט, ניט ווייסענדיג אַליין דערפֿון.

אוי, גאָט, ווען דו וואָלסט מיר אָבגעגעבען צוריק מיינע עשירות, וואָלט איך זיך געגעבען אַ נדר ניט איבערצוטרעטען דיין געבאָט. — איך וואָלט עקספּלואַטירט די אַרבייטער נאָך שטאַרקער און אויף מעה-רער אופנים; איך וואָלט מיט מעהר געשייטקייט בעשווינדעלט די קונדען און מיט מעהר קונץ בערויבט די לייכטזיניגע.

איך בין דיר טריי, אַזוי ווי אַ הונד איז טריי זיין בעל-הבית, וועל-כער שלאָגט איהם, איך בין ביי דיר אין די הענד, וכן יהי רצון!

ע נ ד ע.